# די בייגעל פארקויפערין בײַם דניעפּר

## און אנדערע ערציילונגען

מארקס קאהען

# די בייגעל פּארקויפערין ביים דניעפּר

## און אנדערע ערציילונגען

אַן אמת׳ע לעבענ׳ס פּאַסירונג

פון

מארקס קאָהען

לאנדאן — 1950

געשריבן אין 1944, אין דער צווייטער וועלט־מלחמה, געווען אוועק אין אַ דאָרף פון די שרעקלעכע לופט־אָנפאַלן. געדרוקט אין 1950, צו מיין 71־סטן געבאָרטסטאָג, צום אָנדענקן פון מיינע אומפאַרגעסלעכע עלטערן, מאַנע קאַגאַן פון מאָגילאָוו און הענע לאה הימלשטיין פון באָברויסק און מיין אומפאַר־געסלעכע פרוי בלומע אַקסלראָד פון שקלאָוו, וועלכע איז דעם יאָר געשטאָרבן.

# אינהאַלט:

# פאָרוואָרט

איידער איך וועל אַריבערגעהן צום טרויעריגען ראָמאַן פון מיין פריינד, וויל איך זיך פאָרשטעלען אַלס הקדמה ווי עס פיהרען זיך אנדערע שרייבער, וועלכע געבען אַרויס דעם ערשטען בוך:

געבוירען בין איך אין יאָהר 1879 אין דער גרויסער אידישער שטאָדט מאָגילאָוו וואָס געפינט זיך ביים דניעפּער, וואו אַ גרויסע אידישע באַפעלקערונג האָט געלעבט אין אָרעמקייט און דחקות און מען איז געווען געצוואונגען אויס־צוואַנדערען צו זוכן פרנסה ערגעץ אַנדערשוואו.

די שטאָדט אַליין האָט זיך קונה־שם געווען ביי אונזער פאָלק, ווייל פון דאָרטען שטאַמט ר׳ שמואל מאהילעווער, זכרונו לברכה, דער גרינדער פון דער חבת־ציון באַוועגונג, וואָס האָט זיך פאַרשפּרייט צווישען אַלע אידישע קהילות.

— די שטאָדט קענען שיפען זעהן פון זעהר ווייט, ווייל זי שטעהט אויף אַ באַרג און דעם גובערנאַטאָר׳ס פאלאץ און דער שטאָדט־זייגער שטייען אויפ׳ן שפּיץ.

פון דאָרטען געהן אַוועק דריי גאַסען, וועלכע שניידען דורך כמעט די גאַנצע לענג פון שטאָדט: איינע רופט זיך וועטערענע גאַס, וואָס דאָרט האָט זיך געפונען די גרויסע צוקערמאַנ׳ס שוהל, וואו עס האָט צו יענער צייט גע־דאַוועט זעהר אַ באַריהמטער חזן מיט׳ן נאָמען משה בערלין. און מיר אינגלעך האָבען פון דעם געמאַכט אַ גראַם: אַז משה בערלין טרינקט טהע מיט ציטרין!

די צווייטע גאַס האָט זיך גערופען די שקלאָווער און דאָרט איז געווען דער שטאָדט־טהעאַטער און דער שטאָדט־גאָרטען, וואָס זומער פלעגט דאָרט שפּיעלען מוזיק און פאַרשידענע אונטערנעהמונגען פאר וואוילטעטיגע צוועקען, און די דריטע גאַס האָט זיך גערופען מיט׳ן נאָמען קריסטשיינאַ וועלכע איז אַראָבגעגאַנגען צום דניעפּער, וואו די שיפען און באַרלינעס שטעלען זיך אָפּ.

אין די דריי גאַסען האָבען געוואוינט די רייכסטע מענשען פון שטאָדט, און אויך זיינען דאָרט געווען די גרעסטע איינפאָהר־הייזער און געשעפטען.

מיר האָבען געוואוינט אין אַ נידעריגען טהייל פון שטאָדט אין אַן איי־גענער הילצערנער הויז, וואָס איז געשטאַנען נעבען אַ בריקעל, וואָס אונטען איז געגאַנגען אַ וואַסער און מען האָט עס גערופען די דזשעברע, און דער גאַנצער געגענד האָט זיך גערופען מיט׳ן זעלבען נאָמען.

דאָס רוב פון יאָהר איז דער וואַסער געוועזן גאַנץ קליין; פיעל מאָל אַפילו אויסגעטריקענט און קינדער פלעגען זיך אין איהם שפּיעלען, געוועהנליך מיט הוילע פיס. נאָר צום באַדויערען האָבען אין אונזער געגענד זעהר וויניג קינדער געהאַט שיך.

נאָר ווען עס פלעגט זיין גרויסע רעגענס, דאַן האָט זיך די דזשעברע אָנ־געפילט און אין פרילינג, ווען די שנייען פון די בערג פלעגען אָנהויבען צו־געהן איז פון דער דזשעברע געוואָרען זעהר אַ גרויסער טייך און פלעגט פאַרפלייצען זעהר אַ גרויסען טהייל פון דער געגענד די שוואַכע געביידעס און אָרימע הייזלעך, וועלכע זענען געשטאַנען צו נאָהענט, פלעגט זי פאַר־פלייצען און לויפען מיט זיי גלייך אין דניעפּער אַריין.

אַז עס האָט זיך געמאכט אַ שעהנער פרילינג פאַר פּסח פלעגען מוטערס אַרויסשיקען זייערע קינדער צו רייניגען שטיקלעך מעבעל צוליעב'ן שעהנעם יום־טוב. פלעגט זיך טרעפען, אַז דער טייך האָט זיך נישט געשעהמט און פארנומען מיט זיך דאָס קינד מיט'ן שטיקעל מעבעל גלייך אין דניעפּער אַריין. דאַן פלעגט נעבען טייך ווערען אַ גרויסער טומעל און אַלע האָבען גע־שריען „ראַטעוועט!“ נאָר עס האָבען זיך געפונען זעהר וויניג בעלנים וואָס זאָלען זיך פארמעסטען מיט די שטראָמען וואַסער, וועלכע זענען געלאָפען ווי די טייוולאָנים און זעהר פיעל קינדער פלעגען דערטרונקען ווערען. אויך אין יענער צייט פלעגט דער דניעפּער ווערען זעהר גרויס און די אייז פלעגט זיך ברעכען און די וואַסער פלעגט איבערשווימען די ברעגען אויף גרויסע שטיקער פעלדער.

אין אַזאַ צייט האָבען די עלטערען פון אַ פארלוירען קינד געהאַט אַ פאַר־שטערטען פּסח און די גאַנצע געגענד האָט מיט זיי געהאַט מיטלייד. נאָר די איינציגע טרייסט איז געוועזן דער אבערגלויבען, אַז דער דניעפּער מוז יעדער יאָהר צונעהמען אַזויפיעל און אַזויפיעל קרבנות. און ער פלעגט טאַקע צו־נעמען... זומער, באָדענדיג זיך און ווינטער, גליטשענדיג זיך.

ווינטער, ווען דער דניעפּער פלעגט זיין פאַרפרוירען, פלעגען וואַלד־הענדלער און האָלץ־סוחרים לאָזען אויספלעכטען גרויסע פליטעס, אַזוינע טראַ־טיועס פון קלעצער, און ווען אין פריהלינג דער אייז פלעגט אָנהויבען ברעכען, פלעגען זיי די האָלץ אַוועקשיקען מיט פויערים, וועלכע זענען געוועזן געניט צום וואַסער שטראָם, גלייך נאָך דער אוקראַינע, ווי קיעוו נאָר ניט ווייטער ווי ביז יעקאַטערינאסלאוו, ווייל דאָרטען זיינען געוועזן פּאראגעס, אַזוינע שטיינער אין מיטען דניעפּער.

אונזער הויז, וועלכע איז באַשטאַנען פון זעקס אָפּטיילונגען: אַ פאָדער־הויז אין צוויי אָפּטיילונגען, איין אָפּטיילונג האָט געדינט אויף אַריינצוגעהן אין הויז, וואָס דאָרט איז געשטאַנען אַ פאַס וואַסער און אויך האָט דאָרט מיין מו־טער געהאנדעלט זומער מיט פרוכט און גרינס, וואָס זי פלעגט עס צובאָרגען און פאַרגעסען וועמען, און דאָס איבעריגע פלעגען אויפעסען די ציגען מיט

די בעק און גאַנץ אָפּט גאָר אַ דבר־אחר, וואָס פלעגען זיך אַרומדרעהען אין אונזער געגענד.

ווינטער האָט מיין מוטער געהאנדעלט מיט פלייש און פלעגט עס אויך צובאָרגען און פארגעסען ווען און דאָס איבעריגע פלעגען אַרויס׳גנב׳ענען די פרעמדע הינט וואָס פלעגען זיך אַרומדרעהען אין אונזער געגענד.

די צווייטע אָפּטיילונג האָט געדינט פאר׳ן הויז־ווירטשאפט. דאָרט איז געלעגען האָלץ און נאָך פארשידענע ווירטשאַפט, און ווינטער פלעגען דאָרט שלאָפען דריי ציגען מיט עטליכע בעק. עס האָט זיך נאָר געווענדט ווי ביי אונזערע שכנים׳ס ציגען פלעגט געראָטען. האָבען זיי געהאט דעם ערשטען אַ זכר, האָט ער באלאנגט צום כהן און מיר, זייענדיג כהנים, פלעגען קריגען אַ פיין ביסעל. אָבזאָגען האָט מען זיך נישט געטאָרט און זיי פאַרקויפען אויך נישט, און קוילענען אודאי נישט, אַחוץ ווען זיי האָבען אַ מום... און אַ מום פלעגען זיי שוין באקומען, ווייל קיין עסען פלעגט מען זיי נישט געבען! מה־דאָך אַז די ציגען פלעגט מען געבען זעהר ווייניג עסען, וואָס זיי פלעגט מען מעלקען, ווערט מען נאָך געבען די בעק, וואָס ברענגען קיין נוצען?....

פלעגען זיי נעבעך מוזען גנב׳ענען, פלעגען זיי קריגען געשלאָגען און גאַנץ אָפּט צובראָכען אַ פוס אָדער אַן אנדער מום. דאן האָט מען זיי שוין געמעגט קוילענען. וואָס זאָל איך אייך זאָגען, מיר זענען פון זיי אויסגעשטאַנען זעהר פיעל. זיי פלעגען זיך אַריינכאַפּען אין הייזער, ווען זיי פלעגען טרעפען אַן אָפענע טהיר און פלעגען אָנמאכען אַ חורבן. זיי פלעגען זיך נישט שעהמען אַריינכאַפּען צו אונז אויך און אויפעסען און צוברעכען וואָס עס איז נאָר געווען אין הויז. נאָר ווען זיי האָבען זיך אַריינגעכאַפּט צו אַ בעל עגלה אין שטאל דאַן האָבען זיי שוין געקראָגען אַ מום און דאָס איז געווען אַ שטיקעל גליק. מען האָט זיי געקוילעט. ווען נישט אזא מום וואָלטען מיר טאַקע געהאט אַ גאַנצע סטאדע בעק, און איך ווייס נישט וואָס מיר וואָלטען דאן מיט זיי געטהון...

נאָר זייער לעבען איז נעבעך נישט געווען מקנא צו זיין.

ווינטער, די וועלדער וועלכע זענען געווען נישט ווייט פון אונז, — בשעת די שנייען פלעגען פארשיטען אלץ אין וואלד, פלעגען אונז באזוכען די וועלף. זיי האָבען דערשמעקט אונזערע ציגען מיט די בעק, פלעגט אין מיטען נאכט ווערען אַ טומעל. אַזוי ווי מיין מוטער האָט געהאנדעלט אין ווינטער מיט פלייש, פלעגען זיך אַרום אונזער שטוב ארומדרעהען פרעמדע הינט, וועלכע פלעגען אַמאָל קריגען אַ ביינדעל און אמאָל צו׳גנב׳ענען אַ שטיק פלייש, ווען מיין מוטער פלעגט זיין פארנומען מיט אַ קונה אָדער פאָרלייגען אַ שידוך אַ פארזעסענער מויד!

אָט די הינט האָבען נישט געגליכען די וועלף, (מאַכדאָך אַז זיי אַליין פגר׳ן פאר הונגער), קומען נאָך קאָנקורענטען... פלעגט ווערען אין מיטען נאכט אַזאַ קוויטשעריי, אַז אַלע פלעגען זיך אויפכאַפּען פון שלאָף. איך

פלעג שוין דאַן מעהר נישט איינשלאָפען, נאָר דער איינציגער גליק איז געווען וואָס די וועלף גלייכען נישט די הינט. ווען זיי הויבען אָן צו בילען, פלעגען זיי זיך אָבטראָגען פון וואַנען זיי זענען געקומען. נישט וואָס זיי האָבען, חלילה, פאַר זיי מורא, נאָר פשוט זיי גלייכען ניט זייערע בילע, נאָר טאָמער האָבען זיי אופי׳ן וועג געטראָפען אַ פויער מיט פערד און שליטען, האָבען זיי נאָר איבערגעלאָזט דעם שליטען...

עס האָט זיך טאקע אַמאָל געמאכט, אַז אַ חתן מיט אַ סך פויערים זענען געפאָהרען אין אַ צווייטען דאָרף אויף אַ חתונה, האָבען זיי באַפאַלען וועלן און זיי אלעמען אויפגעפרעסען מיט׳ן חתן צוזאמען...

עס איז זיי אַמאָל יאָ געלונגען אַרויסצונעמען ביי אונז אַ ציג, געווייינלעך די בעסטע. דאַן האָט געגומען אַ שעהן שטיקעל צייט ביז מיר האָבען אויסגע־האָדעוועט אַן אַנדערע, און עס האָט אונז אויסגעפעלט די ביסעל מילך אַ גאנץ לאנגע צייט.

אַ פערט חלק פון הויז האָט פארנומען דער גרויסער אויוון, וואו מען פלעגט קאָכען און יעדען פרייטאָג באַקען חלה אויף שבת און שטעלען טשאָ־לענט און וואַסער אויף טהיי. אויפ׳ן אויוון זענען מיר געשלאָפען: פינף אינג־לעך און צוויי מיידלעך. געוועהנליך ווינטער, אין די פרעסט. זומער, פלעגען מיר שלאָפען וואו עס האָט זיך געמאכט.

אונטערן אויוון האָבען געוואוינט אַ שעהן ביסעל היהנער מיט זעהר אַ גרויסען האָן. אין דער פריה, אז מען פלעגט זיי אַרויסלאָזען געבען עסען, פלעגען זיי מאַכען פרעהליך אין שטוב און אויך אַ פיין ביסעל אנק... נאָר מיר האָבען געמיינט, אַז אַזוי דאַרף זיין. זיי פלעגען זיך נישט שעמען, אַרויפ־פליהען אויפ׳ן טיש און אויך דאָרט טהון דאָס זעלבע...

איין טייל האָט פארנומען די קיך, וואָס דאָרט איז געשטאַנען אַ טיש, אויף וועלכען מיין מוטער פלעגט צוגרייטען די שפייז און וואַלגערען לאָקשען און מאכען די חלות אויף שבת. אין מיטען וואָך פלעגען מיר עסען אויף איהם. ווייטער איז דאָרט געשטאַנען אַ שלאָף־באנק מיט עטליכע בענקלעך. נעבען פענסטער האָט געארבייט אַ שוסטער, פלעגט פאַרריכטען שיך. ער האָט אויך ביי אונז געוואוינט און פלעגט שלאָפען אויפ׳ן באנק. עסען האָט ער פאַר זיך, נאָר שבת האָט ער געגעסען מיט אונז. אין דער וואָכען פלעגט איהם מיין מו־טער געבען אַ טעלער זופּ אָדער באָרשט פון וואָס ער פלעגט זיך מחיה זיין.

## מיין באקאנטשאפט מיט׳ן שוסטער

נישט מיר האָבען געוואוסט ווער ער איז און נישט מיר האָבען געוואוסט פון וואַנען ער קומט, ווי אלט ער איז און צי ער איז פארהייראט צי נישט.

געווען איז ער אַ גרויסער שוייגער, נאָר איך בין געווען דער ערשטער, וואָס האָט זיך מיט איהם באַפריינדעט. דאָס איז געשעהן צוליב זיין שאַרפען מעסער. קיין דירה געלד האָט ער אונז נישט געצאָהלט, נאָר ער פלעגט אונז

פאררוכטעו די שיך און נישט ווילען נעהמען קיין געלד אפילו פאר די לע־דער, וואס ער האט געמוזט קויפען, וויפיעל מיין מוטער האט זיך ביי איהם געבעטען.

איך, וואס האב געהאט א גרויסע נייגונג צום שניצען, פלעג איהם פאל־גען א גאנג: אוועקטראגען א פאר פאררוכטע שיך; קויפען איהם עפעס אין קרעמעל. דערפאר פלעגט ער מיך לאזען נוצען זיין מעסער, אז מיין מוטער זאל נישט זעהן.

נאר איינמאל איז ער אוועק און שוין נישט צוריקגעקומען. פשוט, אזוי ווי מען זאגט, ווי אין וואסער אריין.

אייניגע האבען געזאגט, עס קען זיין אז די וועלף האבען איהם אויפגע־פרעסען. מען האט איהם ארומגעזוכט, געוואלט ברענגען צו קבר ישראל, נאר אז ווי אין דער ערד אריין...

איך האב גע׳ירש׳ענט זיין שארף מעסער און דעם שארפשטיין. איך האב עס באהאלטען, אז מיין מוטער זאל נישט זעהן. און וואס איך האב מיט דעם מעסער צושניצט און געמאכט... ווען איך בין שוין געווארען א בעל־מלאכה פלעג איך זיך אליין וואונדערען ווי אזוי איך האב עס געקענט. איך וואלט איצט געגעבען א גרויסען פרייז, ווען איך וואלט געקענט קריגען אייניגע שטיקלעך פון דעם. נאר ליידער איז שוין צו שפעט.

אין איין צימער האט ביי אונז געוואוינט א דאמסקער־שניידער מיט א פרוי און צוויי זיהן, וועלכע האבען אויך געשלאפען מיט אונז ווינטער־צייט אויפ׳ן אויוועז. מען האט געזאגט אויף איהם, אז ער איז זעהר א גוטער בעל־מלאכה. אליין האט ער געארבייט ביים בעסטען שניידער אין שטאדט וועלכער האט אנגענומען ארבייט פאר די גרעסטע פריצה׳טעס און אפילו פאר׳ן גובערנא־טאר׳ס פרוי.

ער איז געווען א שעהנער פארשוין, געהאט א שפיציג בערדעל, ווי ביי א פראנצויז, חלילה נישט געשוירען. זיין פרוי, וועלכע האט איהם געהאלפען אין דער פרנסה, פלעגט ארומטראגען הייסע באב אין די חדרים און וואר־שטאטען, פלעגט קומען אהיים אן אויסגעמאטערטע פון א גאנצען טאג ארום־געהן, און עס פלעגט טרעפען פיעל מאל, אז מיין מוטער האט געמוזט צו־שטעלען א טעפעל בולבעס אדער בעבלעך פאר איהרע צוויי זיהן, וועלכע פלעגען קומען פון תלמוד־תורה זעהר הונגעריג.

זי פלעגט איהר מאן געבען אין ווינטער שבת צו נאכטס א צוועלף פונ־טיגען לאבען ברויט מיט א גרויסע שמייקע, אזא מין הערינג, און א ביסעל טהיי מיט א פאר שטיקלעך צוקער. דאס האט איהם געמוזט קלעקען אויף א גאנצער וואך חיונה, ביז דעם קומענדען פרייטאג צוויי דעם זייגער נאכמיטאג.

דעמאלט פלעגט ער קומען אן אויסגעהארעוועטע און נישט אויסגעשלא־פענער, ארבייטענדיג בייטאג און ביינאכט. ער פלעגט דאן באקומען פון זיין אשת־חיל א פרישע בולקע מיט א טעלער האבערנער זופ, פון וואס ער פלעגט

זיך מחיה זיין, ווייל אַ גאַנצע וואָך איז איהם אויסגעקומען צו עסען נאָר טרו־קענס. און זי פלעגט איהם דאַן געבען ריינע וועש, און ער פלעגט איהר דער־לאַנגען די שכירות, וואָס איז באַשטאַנען פון דריי רובעל מיט דרייסיג קאָפּי־קעס. נאָר די דרייסיג קאָפּיקעס האָט זי איהם תמיד צוריקגעגעבען, כדי ער זאָל האָבען צו געהן אין באָד, געבען עפּעס דערפון דעם שמש אין שוהל און אויך אויף פּאַפּיראָסען אין דער וואָכען; מאַלע וואָס אַ לעבעדיגער מענש ברויכט.

ווען דער שניידער פלעגט קומען פון שוהל אָן אויסגעפּוצטער אין דער שבת׳דיגער קאַפּאָטע, אַ ריינער און אָבגעוואַשענער, איז זייער צימער געווען אויסגעשאָטען מיט ווייסען זאמד, דער טיש מיט דריי ליכט און מיט חלות באַדעקט מיט אַ ווייסער טישטוכעל. מיט זיינע צוויי זיהן ביים טיש איז איהם נישט געווען צו דערקענען. קיינער וואָלט נישט געגלויבט, אַז דאָס איז דער אָרימער שניידער, וואָס אַרבייט בייטאָג און ביינאַכט.

נאָר צום באַדויערען איז נישט אלעמאָל אַזוי געווען: גאַנץ אָפט פלעגט דער שניידער קומען אַהיים אָהן שכירות. אָדער די ארבייט איז נישט געוואָ־רען פאַרטיג אָדער די רייכע דאַמען זיינען געווען פאַרנומען מיט עפּעס אַנ־דערש און האָבען פאַרגעסען אָרויסצונעהמען זייערע קליידער. דער מייסטער אַליין פלעגט אין אַזאַ פאַל דאַרפען לייהען, כדי צו קענען מאַכען שבת.

ביי אונזער שניידער איז אָבער קיין ליגענדיג געלד נישט געווען. זיי פלעגען נאָך דאַרפען צובאָרגען אויף צו מאַכען שבת. דאַן פלעגט שוין מיין, מוטער באַמערקען, אַז אונזער שכן האָט נישט געקראָגען זיינע שכירות...

און דאָ געהט אַרום דער באָד־גוי מיט אַ בעזים אויפ׳ן פּלייצע און רופט אין באָד אַריין, וועלכע, ער שרייט, איז שוין אויסגעהייצט. די באָד האָט זיך געפונען אויף יענער זייט בריקעל. דער שניידער זיצט און ריהרט זיך נישט פון אָרט, האָט שוין מיין מוטער פאַרשטאַנען, אַז ער האָט נישט קיין געלד מיט וואָס צו געהן. פלעגט זי זיך ביי איהם קוים איינבעטען, אַז ער זאָל ביי איהר לייהען עטליכע קאָפּיקעס און געהן אין באָד אַריין. אַזאַ שבת איז שוין נישט געווען אַזוי שבת׳דיג!

## אונזער צימער

אין אונזער צימער איז געשטאַנען אַ בעט מיט אַ פּאָרהאַנג, וואָס מיין מוטער פלעגט דאָרט שלאָפען אָדער גאַנץ אָפט ליגען אין קינפּעט און מיר אינגלעך פלעגען קריגען צוקערקעס פאַר לייענען קריאת־שמע מיט׳ן קליינעם קינד! נעבען פּאָרהאנג איז געשטאַנען אַ וויגעל וואָס איז אימער געווען פאַר־נומען מיט אַ קליין קינד און מיר פלעגען עס אָפט מוזען וויגען, אַז עס זאָל נישט וויינען, ווייל מיין מוטער איז געווען זעהר פאַרנומען. גאַנץ אָפט פלעגען מיר עס איבערקעהרען מיט׳ן קינד צוזאַמען. דאַן פלעגען מיר אַליין אויך אָנ־

הויבען וויינען, ביז די מוטער איז געקומען און אונז איינגעשטילט, וועמען מיט אַ קלאַפּ און וועמען מיט אַ גלעט.

ווייטער איז געשטאַנען אַ טיש מיט בענקלעך און אין איין ווינקעל אַ קאַמאָדע, נעבען פענסטער אַ זאָפע אויף וועלכער מען פלעגט זיצען. מיין פאָטער פלעגט דאָרט שלאָפען און שבת צולעהנען זיך נאָכ׳ן טשאָלענט. נאָר גאַנץ אָפט פלעגט אויף דער זאָפע שלאָפען אַ גאַסט, אַ משפחה, אַן עלטער־פעטער אָדער אַ גליד־געשוועסטער קינד, וועלכע זענען, אָהן אַן עין הרע, גע־ווען זעהר פיעל. דאַן האָט מיין פאָטער געמוזט שלאָפען אויף דער לעזשאַנקע, וואָס איז געשטאַנען נעבען אויווען, וואָס מען פלעגט איהם הייצען אין ווינ־טער, אַז עס זאָל זיין וואַרים אין שטוב. און פרייטאָג צו נאַכטס פלעגט מען ווינטער אויף דער לעזשאַנקע רעדען פון פּאָליטיק, פון שדים, נישט־גוטע, און פון טויטע וואָס געהן אַרום און פון נאָך פאַרשידענעס.

מיין פאָטער, וועלכער האָט געשטאַמט פון אַ פּראָסטער סוחרישער פאַ־מיליע, איז געווען זעהר אַ גוטער מענש, באַליעבט ביי אלעמען פון שטאָדט, סיי אידען און סיי קריסטען, פון קלענסטען ביז׳ן גרעסטען. ער איז געווען אַ שטאַרקער מענש, מען קען פּשוט זאָגען, אַ גבור. ער איז געווען אַ גרויסער פּערזאָן. אַז ער פלעגט זיך מאַכען אַ נייעם מלבוש, פלעגען אלע זאָגען, אַז קיין סחורה איז אין געשעפט מעהר נישט געבליבען. ער איז געווען אַ מנגן, ליעב געהאַט זינגען און באַזעסען אַ גאַנץ שעהנע שטימע. אַז מאַנע לייבע רייזעל׳ס פלעגט אַרויפגעהן דוכנען מיט זיינע דריי בנים, האָט מען געקענט הערען אין דער גאַנצער שטאָדט. היינט שבת זמירות און פּסח דעם סדר פלעגען אלע קריסטען פון אונזער געגענד שטעהן הינטער׳ן פענסטער.

קיין לערנער איז ער נישט געווען, נאָר זעהר אַן עהרליכער מענש. האָט געהאַנדעלט מיט קריסטען פון אונזער געגענד און מיט׳ן פויער פון דאָרף אין קליינע מסחרים, פון וואָס מיר האָבען געקענט מאַכען אַ שעהנעם לעבען. ווען מיין מוטער וואָלט נישט געהאַנדעלט, וואָלט ער מסתמא מיט דער צייט געקענט מאַכען גרויסע מסחרים.

מיין מוטער, וועלכע האָט געשטאַמט פון באַברויסק פון זעהר אַ געלערנ־טער, פרומער פאַמיליע, איז געווען זעהר אַ שעהנע. מען קען זאָגען — אַן אויסנאַהם. זי האָט געקענט גוט שרייבען און לערנען. פלעגט די ווייבער אין שוהל מאַכען צוגעהן פון געוויין, ווען זי פלעגט זיי לייענען די צאינה וראינה. און ווען זי פלעגט זיי פאַרטייטשען די פּרשה פון דער וואָך, דאַן האָבען זיי נישט געוואוסט ווי אַזוי איהר אָבצודאַנקען. זי פלעגט זיי אויך לייענען גרויסע תחינות און שרייבען פאַר זיי בריעף. זי האָט אויך געהאַט אַן אייגענשאַפט, אַז זי האָט נאָר דערזעהן אַן אלטע מיידעל אָדער אַ שטומע אָדער אַזאַ וואָס האָט געהאַט אַ מום, פלעגט זי נישט רוהען ביז זי האָט איהר חתונה געמאַכט. זי איז ביי מיר געווען אין לאָנדאָן אויף מיין שוועסטער׳ס חתונה, האָט זי באַמערקט, אַז מיין שוועסטער׳ס חתן האָט אַ מוהמע אַן עלטערע מיידעל. איז

זי בשום אופן נישט געפֿאָהרען אַהיים צוריק ביז זי האָט איהר חתונה גע־מאכט, וואָס האָט געדויערט זעקס מאָנאַט, אָבער זי האָט אויסגעפֿיהרט.

איך האָב אין דער היים געקאָנט פֿיעלע פֿאמיליעס, וואָס זי האָט זיי חתונה געמאכט און זיי האָבען געלעבט גאנץ צופֿרידען; אייניגע האָבען אַפילו געלעבט גאנץ רייך.

אויף די שידוכים פֿלעגט זי פֿטר׳ן וואו עס איז נאָר געוועזן אַן אָבגע־שפּאָרטער רובעל און פֿלעגט אַרויסנעהמען פֿון שטוב וואָס עס איז איהר גע־קומען אין האנד. איז געוועזן אַן איבעריגער טעפּעל, אַ האנדטוך, קורץ, וואָס עס האָט זיך געמאכט.

דער פֿאָטער, וועלכער האָט זי זעהר ליעב געהאט האָט פֿאר איהר געהאט גרויס דרך ארץ. זיי האָבען זיך ביידע זעהר ליעב געהאט. זעלטען האָבען זיי זיך איבערגערעדט, אַזוי ווי עס פּאסירט צווישען מאַן און ווייב. טאָמער האָט זיך מיין פֿאָטער ביי איהר געבעטען, „העניע לאה׳עטשקע, הער אויף צו האַנד־לען! דו האָסט, אָהן עין הרע, זעקס קינדער, זאָלען געזונד זיין, מיט ציגען און בעק און הינער און אַזוי פֿיעל אלטע מיידלעך חתונה צו מאַכען. פֿאָלג מיך, מיין טייערע״. געוועהנליך מיט דרך ארץ, זי זאָל נישט ווערען ברוגז, ווייל ער האָט זי געהאלטען פֿאַר אַ יחסנ׳טע. פֿלעגט זי איהם ענטפֿערען: „אַ פֿרוי, וואָס פֿיהלט זיך געזונד, טאָר זיך אויפ׳ן מאַן נישט פֿארלאָזען מיט דער גאַנ־צער פּרנסה, ווייל אַ מאַן מוז זיך אָבגעבען מעהר מיט עולם הבא. אַ מענש לעבט דאָך נישט אייביג!

הערענדיג אַזעלכע דבורים, פֿלעגט דער פֿאָטער נעהמען אַ גוטען שמעק טאַבאַק און פֿלעגט איהר אַוועקגעבען די לעצטע פֿאָר רובעל, וואָס ער האָט ביי זיך געהאט און ווען קיינער וואָלט נישט געזעהן, גלויב איך, וואָלט ער איהר אַ קוש געטהון.

זי פֿלעגט גלייך די פֿאָר רובעל פֿארטעכערען.

דערפֿאר האָבען מיר געלעבט אַן אָרים לעבען און מיר קינדער האָבען געמוזט געהן צו אַ ביליגען מלמד, וועלכען מען האָט גערופֿען „דער באַלע־גאָלע״. נאָר אַנשטאָט אַ פֿערד און וואָגען האָט ער געהאט אַ גרויסען הויקער און אַ באַלעבאַטישע... און לערנען האָט ער נישט געקאָנט. טאָמער האָט ער געדארפֿט עפּעס פֿארטייטשען, פֿלעגט ער קוקען אין עברי־טייטש... אונז צו געבען אין תלמוד תורה האָט נישט געפּאַסט, ווייל מיר זענען געוועזן אָנגע־זעהענע בעלי־בתים, געהאט אַן אייגען הויז, אַ בכבוד׳ן פּלאץ אין שוהל.

ווען איך בין אלט געוואָרען דרייצעהן יאָהר, האָט מען מיך אַוועקגעגעבען לערנען ז אַרבייט אויף דריי מיט האַלבען יאָהר. ווען איך האָב געענדיגט די לערע בין איך אַוועקגעפֿאָהרען.

---

# דער באַלעבאַטישער אינגעל

עס האָט פּאַסירט אין יאָהר 1898. איך האָב דאן געאַרבייט אין יעקאַטעריר־נאסלאוו, איינע פון די גרעסטע שטעדט אין דער אוקראינע, וואָס געפינט זיך ביים דניעפּער.

איז צו מיר געקומען אַ מיטעליאָהריגער איד פון אַ שטעדטעל מיט'ן נאָ־מען באַחמוט, נישט ווייט פון יעקאטערינאסלאוו, און זאָגט מיר, אַז זיי האָ־בען דאָרט אויסגעבויט אַ נייע שוהל, און ער האלט דאָרט אַ מעבעל־געשעפט. האָט מען ביי איהם באַשטעלט צו מאכען דעם ארון־קודש און דעם בעלעמער און די איבעריגע אויסשטאטונגען, וואָס אַ שוהל ברויכט. „און די קהלה וויל האָבען אַזאַ ארון־קודש, ווי דאָ ביי אייך אין דער קאזאנסקער שוהל". און אַזוי ווי מען האָט איהם געזאָגט, אַז איך האָב איהם געשניצט, וויל ער, אַז איך זאָל אויך אָננעהמען צו שניצען זייערען און מיטפּאָהרען מיט איהם און איינשטיין ביי איהם.

און ער פארזיכערט מיר, אַז איך וועל זיין העכסט צופרידען.

צו שניצען אן ארון־קודש איז ביי אונז שניצערס געווען די גרעסטע אַמביציע; אַזאַ בכבודע ארבייט.

געוועהנליך, איך האָב זיך לאנג נישט געלאָזט בעטען. בפרט, אַז איך האָב נאָך געהאט אלע צייכנונגען פון די לייבען און לוחות און די קרוין און די איבעריגע שניצונגען און אויך דעם גאנצען צייכנונג פון ארון־קודש, וואָס עס וועט מיר איינשפּאָרען פיעל צייט.

איך האָב איהם געזאָגט וויפיעל איך וויל פאר דער אַרבייט און ער האָט באלד מסכים געווען.

די ארבייט איז געווען אין גאָטישען סטיל, אויף וועלכען איך בין געווען אַ גרויסער ספּעציאַליסט, ארבייטענדיג אַ לאנגע צייט אויף קלויסטער־אַרבייט. אויך בין איך געווען באריהמט מיט שניצען פיגורען אין זייער פולער גרויס, שניצענדיג די אַלע מלאכים און הייליגע אין די רוסישע קלויסטערס.

הכלל, איך האָב איהם געבעטען, אַז ער זאָל מיר דערלויבען צוויי טעג, ביז איך וועל אלץ באַזאָרגען; און דאן פאָהר איך מיט איהם.

ער האָט אויף מיר געוואַרט. דערווייל האָט ער איינגעקויפט געוויסע מאַטעריאַלען און נאָך איניגע זאכען, וואָס זענען דאָ געווען לייכטער צו קרי־גען, ווי ביי זיי אין שטעדטעל.

איך האָב אלץ דערליידיגט. און אויפ׳ן דריטען טאָג זענען מיר אַוועק־געפאָהרען. די רייזע האָט געדויערט דריי שעה. איך בין פאַרפאָהרען צו איהם, אַזוי ווי ער האָט פארלאנגט. עס איז געווען זעהר אַ שעהנע וואוינונג, האָבען געהאלטען אַ דינסט מיט אַ קעכין; האָבען זיך אָנגעזעהן פארמעגליכע מענ־שען. קיין קינדער האָבען זיי נישט געהאט.

מען האָט מיר געגעבען אַ גאנץ שעהנעם צימער, וואו איך האָב אויפגע־האנגען מיינע קליידער און אויך אַוועקגעלייגט מיינע איבעריגע זאַכען.

דער בעל־הבית שטעלט מיך פאָר פאר זיין פרוי, וועלכע איז מיר נישט געפעלען. עס קען זיין, אַז איך האָב געפיהלט, אַז זי וועט מיר קיין גוטס נישט טהון...

און אַזוי ווי עס איז געווען מיטאָג־צייט, האָבען מיר זיך געוואַשען צום עסען און זיינען אַריין אין עס־צימער, וואו עס איז געווען אַ שעהן־געדעקטער טיש, און אויך האָט נישט געפעהלט קיין ביסעל בראָנפען.

מיר האָבען געמאכט אַ לחיים און געוואונשען, אַז עס זאָל זיין מיט מזל. ער זאָגט אויך דער קעכין ווער איך בין.

מיר האָבען געהאט זעהר אַ גוטען מיטאָג מיט פארבייסען. אָבגע־בענשט, און זענען אַוועק אין דער נייער שוהל. דאָרט האָבען שוין סטאָליאַ־רעס געאַרבייט. ער שטעלט מיך פאָר, אַז דאָס איז דער שניצער, וואָס האָט געשניצט דעם ארון־קודש אין דער קאזאנסקער שוהל אין יעקאטערינאסלאוו.

איך האָב דערווייל אויסגעקליבען אַ פלאַץ, וואו מען זאָל שטעלען מיין ווארשטאט, און זיי געוויזען ווי אַזוי איהם צו מאַכען. איך האָב אויסגעקליבען האָלץ, וואָס איז געווען גוט צום שניצען, און מיר זענען אַוועק צום גבאי. ער שטעלט מיך פאָר און זאָגט ווער איך בין.

עס ווייזט אויס, אַז איך געפעהל איהם. און אַזוי ווי ער האָט געהאַלטען אַ שענק, האָט ער אונז מכבד געווען מיט אַ גוטען לחיים און מיך געבעטען, אַז איך זאָל נישט זיין פרעמד און צו איהם אָפט אַריינגעהן.

און מיר זענען אַוועק צום רב.

אויפ׳ן וועג זאָגט מיר מיין בעל־הבית, אַז דער גבאי האָט אַן איינציגע טאָכטער, אַ גאַנץ וואויל מיידעל, און וויל געבען צעהן טויזענד רובעל נדן.

מיר זענען געקומען צום רב. ער שטעלט מיך פאָר און זאָגט איהם ווער איך בין, און לויבט מיך וואָס פאַר אַן אָרענטלעכער אידישער יונגערמאַן איך בין און וואָס פאַר אַ קינסטלער איך בין; אַז איך האָב זיך אַזש אַביסעל פאר־שעהמט.

דער רב האָט מיר געוואונשען, אַז עס זאָל זיין מיט מזל, און מיר זענען אַוועק.

ער האָט מיך אויך אויפ׳ן וועג פאָרגעשטעלט פאַר נאָך בעלי־הבתים, געזאָגט ווער איך בין און איך באטראכט דערווייל דאָס שטעדטעל, וואָס גע־פעהלט מיר.

דערווייל איז געוואָרען מנחה־צייט. מיר זענען אַריין אין שוהל כאַפּען אַ קדושה. אָבגעדאַווענט מנחה און געוואַרט אויף מעריב. ער זאָגט די אידען ווער איך בין. זיי האָבען מיך באטראכט מיט דרך־ארץ, און מיר האָבען אָבגעדאַווענט מעריב און זענען אַוועק אַהיים.

דאָרט איז שוין דער טיש געווען געדעקט פאר וועטשערע. אָבגעגעסען, אָבגעבענטשט און אַביסעל פאַרבראַכט; געטרונקען טהיי און געגאנגען שלאָ־פען. איך האָב געהאט זעהר אַ גוטען גלעגער.

אויפגעשטאנען גאנץ פריה, אָבגעדאַווענט. דער בעל־הבית איז אַוועק אין שוהל. איך האָב געהאט אַ גוטען אָנבייסען. אָבגעבענטשט, גענומען איי־ניגע שטיקלעך געצייג און אַלע צייכנונגען און מיין כאלאט, וועלכען איך טראָג ביי דער אַרבייט און אַוועק אין דער נייער שוהל. איך האָב געוויזען די סטאָליאַרעס ווי זיי זאָלען צוגרייטען דאָס האָלץ אויף צום שניצען.

נייגעריגע אידען זענען געקומען זעהן ווי אַ שניצער אַרבייט. איך האָב זיי געזאָגט, אַז עס וועט נאָך געדויערען איניגע טעג ביז זיי וועלען קענען עפּעס זעהן.

הכלל, עס איז מיר גוט, וואָס בעסער קאָן גאָרנישט זיין.

איך שניץ דעם ארון־קודש, געה אָפּט אַריין צום גבאי, פאַרברענג מיט זיין טאָכטער און זינג דאָרט אידישע און רוסישע לידער, באַגלייט אויף מיין גיטאַר, פון וואָס זיי זיינען זעהר צופרידען, און קענען זיך גאָרנישט גענוג אָבלויבען. און עס ווייזט אויס אַז דער טאָכטער געפעל איך זעהר!

און אין שטעדטעל געהט שוין אַרום אַ קלאַנג, אַז דער שניצער פון ארון־קודש געהט ווערען אַ חתן פאר דעם גבאי׳ס טאָכטער.

און די קעכין מאכט מיר זעהר גוטע מאכלים, אַזוי,, ווי דער בעל־הבית האָט איהר געבעטען; און מיר איז גוט ווי די וועלט.

נאָר די בעל־הבית׳טע האָט אין זיך געהאט אַ שוואכקייט צו עסען אַ גאנצען טאָג און זיך האלטען אין איין באַקלאָגען, אַז זי האָט נישט קיין אפּעטיט.

די קעכין, וועלכע האָט פאר איהר געהאלטען אין איין באקען און בראָ־טען פון אין דער פריה ביז ביינאַכט, האָט שוין נישט געקאָנט אויסהאַלטען. זי איז איהר געגאַנגען אויף איהרע נערווען, און צוויי וואָכן פאר פסח האָט זי אונז איבערגעלאָזט און איז אַוועק. און מיר זיינען געבליבען אין אַ גרויסער פארלעגענהייט.

מילא, איך מיט׳ן בעל־הבית און די דינסט זיינען נאָך ווי עס איז דורכגע־קומען. נאָר אויף דער בעל־הבית׳טע איז, נעבעך, געווען אַ צער בעלי־חיים. זי איז געווען מאכטלאָז. האָט, נעבעך, נישט געקענט קיין הויז־אַרבייט, פּשוט, ווי מען זאָגט, „אַ קאָץ אָן עק פארבונדען״; און זיך אויפגעהערט באַקלאָ־גען אז זי האָט נישט קיין אפּעטיט.

נאָר דער אויבערשטער האָט געהאָלפּען. אַ וואָך פאר פסח האָבען מיר אַריינגעקריגען אַ נייע קעכין, גאָרנישט קיין מיאוס מיידעל און אויך נישט קיין אלטע, נאָר אַביסעל אַ דיקלעכע, און זי האָט נאָך געקאָכט בעסער פון דער ערשטער; און מיר איז ווייטער גוט.

דער בעל־הבית האָט איהר געזאָגט ווער איך בין און האָט איהר אויך געזאָגט, אַז אויב די בעל־הבית׳טע וועט זיך באַקלאָגען, אַז זי האָט נישט קיין אַפּעטיט, זאָל זי זיך נישט מאכען וויסענדיג, ווייל עס איז איהר פארבליבען פון אזא קרענק.

זי טהוט וואָס דער בעל־הבית האָט איהר געהייסען און גיט אויף מיר אכטונג נאָך בעסער ווי די ערשטע.

הכלל, מען האָט צוגעגרייט זעהר אַ שעהנעם פסח, מיט די בעסטע ווייר־נען און משקות, און אויך האָט נישט געפעהלט קיין אינדיק.

מיר האָבען געפּראַוועט זעהר שעהנע סדרים. איך האָב שעהן געזונגען די הגדה. אַ שטימע האָב איך געהאט אַ גוטע, און די בעל־הבית׳טע מיט דער נייער קעכין האָבען פון מיר אָנגעקוואָלען.

נאָר נאָכ׳ן צווייטען סדר האָט מיר ביינאַכט זעהר געגומען דורשטען, אַז איך האָב פשוט נישט געקענט איינשלאָפען. צי איז עס געווען פון די גוטע מאכלים צי פון די שטארקע געטראנקען, איך וויים נישט.

איך בין שטילערהייט אַרויס פון מיין צימער, דורכגעגאַנגען זעהר פאָר־זיכטיג דאָס עס־צימער, אַז איך זאָל, חלילה, קיינעם נישט אויפוועקען. איך בין אַריין אין קיך, וואו דאָס וואַסער געפינט זיך, און דאָרט איז אויך געשלאָ־פען די נייע קעכין! איך האָב, פאַרשטעהט זיך, אַכטונג געגעבען, אַז איך זאָל זי חלילה נישט אויפוועקען.

געהענדיג צוריק, האָב איך זיך אין עס־צימער אָן עפּעס פאַרטשעפּעט און אַראָבגעשלעפּט דאָס טישטוך פון טיש און אלץ, וואָס איז געווען אויפ׳ן טיש. און עס איז געוואָרען אַ קלאַפּעריי אין מיטען דער נאַכט און אויפגע־וועקט דעם בעל־־הבית מיט דער בעל־הבית׳טע. זיי זיינען אַריינגעלאָפען אין עס־צימער נישט טויט נישט לעבעדיג; גוט איבערגעשראָקענע, געמיינט גאָט ווייסט וואָס, און גענומען פרעגען וואָס איז געשעהען.

איך זאָג זיי, אַז מיר האָט זעהר געדאָרשט און איך בין געגאנגען נעמען אַביסעל וואַסער; און בעט זיי זאָלען מיר אנטשולדיגען וואָס איך האָב זיי געשטערט דעם שלאָף.

רופט זיך אָב די בעל־הבית׳טע צום בעל־הבית:

— אויב דו ווילסט, קענסטו איהם גלויבען. איך נישט!

און זיי זיינען צוריק אַוועק.

מיך האָט די פּאסירונג שטארק פארדראָסען. איך בין די נאכט שלעכט געשלאָפען.

אויף מאָרגען אין דער פריה פרעגט מיך דער בעל־הבית צי עס איז אמת וואָס די בעל־הבית'טע זאָגט אויף מיר. איך האָב איהם געזאָגט, אז איך ווייס נישט פון וואָס צו זאָגען, און איהם פארזיכערט, אַזוי גוט ווי געשוואוירען, און ער האָט מיר געגלויבט און איז אַוועק דאַווענען.

איך האָב אָבגעדאַווענט און געזעצט זיך עסען אָנבייסען. איז אַרויס די בעל־הבית'טע און מיך גענומען מוסר'ן, אַז איך דארף זיך שעמען צו פיהרען אַזוינע געשעפטען אין דער צייט, ווען איך שניץ דעם ארון־קודש.

וויפיעל איך האָב איהר געזאָגט, אַז איך ווייס נישט פון וואָס צו זאָגען, זי האָט אַ טעות און האָב זיך אַזוי ווי געשוואוירען, האָט עס נישט געהאָלפען. זי האָט מיר נישט געגלויבט.

הכלל, איך שניץ דעם ארון־קודש, געה אָפט צום גבאי, און די בעל־הבית'טע האַלט מיך אין איין שטראָפען; און די נייע קעכין האלט אין איין ווערען דיקער און דיקער.

איינמאָל פרעגט מיך די בעל־הבית'טע וואָס וועט זיין דער סוף? זי וועט נישט דערלאָזען אַזאַ סקאנדאל אומגליקלעך צפ מאכען אַן אָרים קינד. „איך וועל עס לאָזען וויסען דעם גבאי מיט דער גאנצער קהלה און אַפילו דעם רב אַליין. אַזאַ סקאַנדאַל!

איך האָב שוין פאַרלוירען מיין געדולד און געזאָגט:

— טהוט וואָס איהר ווילט, אַבי לאָזט מיך צורוה! — און בין אַוועק צו דער אַרבייט.

איך קום איינמאָל אַריין צום גבאי, מען קוקט אויף מיר קרום, מיט ביטול, און די טאָכטער באַגעגענט מיך נישט ווי תמיד. האָב איך פארשטאנען, אַז עפּעס איז געשעהען.

איך, האָבענדיג די אייגענשאפט, אַז אויב מען האָט מיך נישט גערן, ווייך איך אפילו פון יענער געגענט.

נאָר שפּעטער האָב איך אויסגעפונען, אַז עס געהט אַרום אַ קלאַנג אין שטעדטעל, אַז דער שניצער פון ארון־קודש, שניצט נאָך עפּעס אויך... האָב איך שוין פארשטאנען פארוואָס מען האָט מיך ביים גבאי אזוי קאלט אויפגע־נומען.

און אזוי ווי איך האָב אויפגעהערט צו געהן צום גבאי, איז זיין טאָכטער געוואָרען אַ כלה פאר אַן אנדערען.

נאָר אין קארגע פינף חדשים ארום איז די קאץ אַרויס פון זאַק. און די נייע קעכין איז געלעגען געוואָרען מיט אַ בעל־הבית'ישען אינגעל; פון וועלכע באַלעבאַטים ווייס איך נישט. נאָר עס איז געווען זעהר אַ געראָטען קינד.

מען האָט געמאכט אַ ברית, און אזוי ווי די בעלי־הבתים האָבען קיין קינדער נישט געהאט, האָבען זיי איהם פארשריבען אלס זייער קינד. און די קעכין האָט געקראָגען נאָך אַן אַרבייט — צו זיין אַן אם ביי איהר אייגען קינד!

און די בעל־הבית׳טע האָט זיך פאר מיר אנטשולדיגט פארוואָס זי האָט אויף מיר אויסגעטראכט אזא בלבול און געבעטען, אַז איך זאָל איהר מוחל זיין; אַ רוח אין איהר טאַטענס טאטען אַריין!

און איך האָב דערוויייל פארלוירען אַ כלה מיט צעהן טויזענד רובעל נדן.

הכלל, אין צוויי וואָכען ארום האָבען מיר געענדיגט די ארבייט, פון וואָס די קהלה איז געווען זעהר צופרידען. מען האָט געמאכט זעהר אַ שעהנעם חנוכת־הבית און, געזעגענענדיג זיך מיט די בעלי־הבתים פון שטעדטעל, האָט מיך דער גבאי געבעטען, אז איך זאָל אויף איהם קיין פאראיבעל נישט האָבען. עס פארדריסט איהם זעהר וואָס ער האָט פארלוירען אזא געראָטע־נעם יונגענמאַן. „נאָר שולדיג אין דעם איז געווען אייער בעל־הבית׳טע... אין איהר טאטענס טאַטען אַריין.

---

# די בייגעל־פּאַרקויפערין ביים דניעפּר

עס איז געווען די ענדע פון ניינצעהנטען יאָהרהונדערט, פאָהרענדיג צוריק אַהיים קיין מאגילעוו מיט'ן דנעפּער, ווייל קיין באהן אַהין איז נאָך דאַן נישט געגאנגען. אַרויפגעהענדיג אויפ'ן שיף טרעף איך מיינעם אַ יוגענד חבר, מיט וועלכען איך בין צוזאַמען אין חדר געגאנגען.

די באגעגעניש האָט מיך זעהר דערפרעהט און געטראכט אַז אויך וועט די רייזע זיין פרעהליכער, וואָס ברויכט געדויערען אייניגע טעג. נאָר מיין חבר קוקט אויס זעהר טרויעריג און קראנק, וועלכען איך האָב איבערגעלאָזט אַלס געזונטען, פרעהליכען איננגעל.

געוועהנליך איך פרעג איהם ווי עס געהט און נישט קענענדיג זיך באַהערשען, וויסענדיג אַז עס איז אַן עוולה, פרעג איך איהם פארוואָס ער קוקט אויס אזוי שלעכט. איז באלד ווי איך האָב אויסגערעדט די לעצטע ווערטער, האָט ער זיך שטאַרק צוואויינט. מיך האָט עס שטארק פארדראָסען צו ברענגען איהם אין אַזאַ לאגע. און עס האָט מיר גענומען אַ היבש ביסעל צייט ביז איך האָב איהם בארוהיגט. ווען ער איז געוואָרען נאָרמאַל, פרעגט ער מיך צי איך וועל האָבען געדולד איהם אויסצוהערען, וועט ער מיר דערצעהלען פאַרוואָס ער קוקט אויס אַזוי שלעכט און טרויעריג. אויך בעט ער מיך, אַז איך זאָל קיינעם נישט דערצעהלען, איבערהויפּט זיינע עלטערען, וועלכע וועלען פון דעם זעהר פיעל ליידען; און איך זאָל אויך פון איהם נישט לאַכען...

נו, געוועהנליך, צייט איז דאָ גענוג און אינטערעסאנט איז אויך צו וויסען וואָס מיט אזא יונגענמאן קען פאסירען, האָב איך איהם באַרוהיגט, איהם צוגעזאָגט, אַז אפילו אַ פויגעל וועט פון דעם נישט וויסען.

— דו געדענקסט דאָך אונזער רבי'ן, — זאָגט ער — וואָס זומער פלעגט ער כאַפּען פליגען און זיי טויטען אין געגענווארט פון זיינע תלמידים און ווינטער פלעגט ער טרינקען זעהר פיעל טהיי און מוזען געהן וואוהין ער האָט קיינעם נישט געקענט שיקען און פלעגט זעהר אָפט פארגעסען צומאַכען וואו מען האָט באַדאַרפט... און לערנען האָט ער נישט געקאָנט און אויך איך האָב נישט געוואָלט. איך האָב בעסער געוואָלט געהן זומער אין וואלד און ווינטער מאהלען און שניצען, פאַרוואָס איך פלעגט גאנץ אָפט קריגען געשלאָגען.

איז ווען איך בין געוואָרען בר־מצוה, האָט מען מיך אַוועקגעגעבען לער־נען פאר אַ שניצער. מען האָט מיך געוואָלט אַוועקגעבען צום געלען מאהלער, נאָר מען האָט געזאָגט, אַז ער איז נישט קיין גוטער בעל־מלאכה און אויך נישט קיין פיינער מאַן. דו געדענקסט דאָך זלמן־לייב דעם שניצער אויף די בראַווינקע? ביי איהם האָב איך געלערענט דריי מיט אַ האַלבען יאָהר און ווען איך האָב געענדיגט די לערע, האָב איך אין דער היים מעהר ניט געוואָלט זיין.

איז וויפיעל מיינע ליעבע עלטערען האָבען זיך ביי מיר געבעטען, אַז איך בין נאָך צו יונג אַליין צו זיין אין אַ פרעמדער שטאָדט, קען קיינעם נישט און קיינער קאָן מיך נישט, און מיין מייסטער האָט מיר געוואָלט געבען מיט צעהן רובעל מעהר אויפ׳ן יאָהר, ווי די פרייז איז געווען פאר אַ לעהרנער,— וואָס קיין געלד וואָלט איך סאַי ווי נישט געזעהן, סיידען עס וואָלט זיך מיר צוריעסען די שיך; ער האָט נעבאַך־נישט געהאַט, איז וויפיעל מען האָט מיט מיר גערעדט האָט עס נישט געהאָלפען.

איך האָב זיך אַריינגענומען אין געדאַנק צו פאָהרען, זעהן אַ וועלט. איך האָב ערקלעהרט מיין פאָטער, אַז דאָ וועל איך זיך גאָרנישט דערלעהרנען און איך האָב זעהר ליעב מיין אַרבייט און וויל זי גוט קענען.

וויסענדיג, אַז איך בין אַ גוטער בעל־מלאכה, ווען נישט וואָלט מיין מייסטער מיר געוואָלט געבען מיט צעהן רובעל מעהר אויפ׳ן יאָהר, ווי די פרייז פאר אַ לעהרנער איז דעמאָלט געווען — דרייסיג רובעל. מיר האָט מען געוואָלט געבען פערציג רובעל. דאַן איז ביי אונז אין שטאָדט געווען זעהר פּאָפּולער יעקאטערינאסלאוו; זעהענדיג, אַז זיי קענען מיט מיר גאָרנישט מאַ־כען, האָט מיין ליעבער פאָטער מיר אַרויסגענומען אַ פּאַספּאָרט און געקויפט אַ טשעמאָדאַן, און מיין שעהנע מוטער האָט מיר אָבגעבאַקט קיכלעך און נאָך פארשידענע שפייז און מיין באָבע האָט מיר געגעבען אַ קישעלע, און אַ טי־כעל אויפ׳ן האַלז, אַז איך זאָל זיך חלילה נישט צוקיהלען. נאָר צום טיכעל האָב איך מורא געהאט זיך צוצוריהרען, אַז עס זאָל נישט צופלאַצען פון אלט־קייט; איך בין געווען דער באָבע׳ס ליעבלינג. איך האָב אלעס איינגעפּאַקט, אָנגעטהון דעם נייעם אנצוג און בין אוועק געזעגענען זיך מיט דער משפחה, וועלכע זענען געווען צושפּרייט איבער דער גאַנצער שטאָדט.

עס איז געווען אַ מאָנטאָג אין דער פריה, אין אָנפאנג מאַי, דער פריה־מאָרגען איז געווען זעהר שעהן, די זון האָט געשיינט, די פויגעלעך האָבען געזונגען, די ביימער — אַלע צובליהט; די אקאציע ביימער האָבען אַרויסגע־געבען זעהר אַ געשמאַקען גערוך; דער דניעפּער האָט געגלאַנצט אויף יענער זייט; די פעלדער זענען געווען צוגרינט. מיינע עלטערען, מיינע ברידער און שוועסטער און נאָהענטע משפחה נעבען מיר און איך פליה אין הימעל אַריין... אין קליינינקייט, איך פאָהר אַרויס דעם ערשטען מאָל פון שטאָדט זעהן די וועלט, ווערען זעלבסטשטענדיג און נאָך אויף אַ שיף, וואָס געהט נישט וויי־

טער ווי ביז יעקאַטערינאָסלאַוו וואָס אַלע מיינע געדאַנקען און פאַנטאַזיעס זיינען שוין דאָרטען.

נאָר גיך, מיין ליעבער חבר, איז מיין גרויסער יום־טוב צושטערט געוואָרען. דאָס געזעגענען זיך מיט מיינע טייערע ליעבע עלטערען, דאָס וויינען פון מיין מוטער, דאָס בעטען זיך איך זאָל היטען מיין געזונד, שיקען אָפטער בריעף, כאָטש אַלע וואָך, דער באָבעס וויינען — גאָט ווייס צי וועט זי נאָך דערלעבען מיר זעהן, — מיין פאָטער האָט נישט געוויינט. ער איז נישט קיין אידענע. נאָר ער האָט געבעטען איך זאָל אָבהיטען אידישקייט: דאַוונען אַלע טאָג; חלילה נישט מחלל שבת זיין; היטען זיך פון שלעכטע חברים: און מעהר האָט ער נישט געקענט רעדען, די טרעהרען האָבען איהם געשטיקט.

וואָס זאָל איך דיר זאָגען, זיי האָבען מיך אַזוי צונומען, אַז איך האָב זיך אַזוי צוואויינט, ווי אַ קליין קינד און חרטה געהאַט אויפ׳ן גאַנצען פאָהרען און געוואָלט געהן צוריק אַהיים. הלואי וואָלט איך עס געטהון, וואָלט איך צו מיין אומגליק נישט געקומען!

און אַזוי דערצעהלענדיג, האָט ער זיך ווייטער צוואויינט און איך האָב געמוזט וואַרטען ביז ער האָט זיך בארוהיגט.

— וואָס זאָל איך דיר זאָגען, איך בין אַרויף אויפ׳ן שיף און זיך באַהאַלטען ביז זי איז אַוועק.

איך בין אַרויף אויפ׳ן דעק, ווען זי איז שוין אַ שטיק אָבגעפאָהרען. איך האָב זיי אַלעמען געזעהן פון ווייטען און מיר האָבען זיך געגריסט מיט אונזערע נאָז־טיכלעך. ווייסט דאָך, אז קיין אומעדיגער בין איך קיינמאָל נישט געוועזן. איך בין געקומען צו זיך, געפונען אַ פּלאַץ אויפ׳ן דעק, וואָס איז מיר אָנגעקומען אַביסעל שווערליך, אַוועקגעשטעלט מיין טשעמאָדאַן, אַוועקגעלייגט מיין קישעלע און גענומען באַטראַכטען וואו איך בין אין דער וועלט. די שיף איז געוועזן פול מיט רייזענדע: אידען, קריסטען, יונג און אַלט, נאָר די מעהרהייט זיינען געוועזן פויערים מיט פויערטעס. אַלע אָנגעטהון אין ווייסע לייוענטענע קליידער, וואָלענע סוויטקעס מיט געפלאָכטענע לאַפּטשעס, וואָס אַלעס מאַכען זיי אַליין; ווייסע טאָרבעס פאַר שפּייז, בלעכענע קעסטלעך פאַר טהיי. זיי זיינען אַלע פון אונזער געגענד, ווייס־רוסלאַנד. זיי זיינען פּילגרימען, דאָס זיינען זיי געפאָהרען קיין קיעוו בעטען צו דער „הייליגער מאמען“.

די שיף פאָהרט דורך שטעדטלעך. איך לאָז פון קיין זאַך די אויגען נישט אַראָב. איך באַטראַכט אַלעס און אַלעמען און רעד שוין אַ פּאָר ווערטער צו איינעם.

די שיף שטעלט זיך אָב ביי אַ קליין שטעדטעל מיט׳ן נאָמען לאיעוו. איך באַמערק נעבען טייך דורכאויס געלע מענשען מיט זומער־ שפּרינקלעך, סאַי מענער סאַי פרויען, יונג און אַלט. די שיף פאָהרט ווייטער און שטעלט זיך

אָב ביי אַ שטעדטעל מיט׳ן נאָמען ראגאטשאוו. שוין גאָר אנדערע מענשען. ווייסע פנים׳ער מיט שווארצע האָר, וואונדערבאר.

די שטעדטלעך זיינען גאָר נישט ווייט איינע פון דער צווייטער. בין איך געקומען צום באשלוס, אַז די מענשען פון די שטעדטלעך קומען אַרויס פון צוויי באַזונדערע פאמיליעס, וואָס האָבען געבילדעט די מענשען פון די שטעדטלעך. דאָס האָט זיך באזעצט אַ געלע פאמיליע מיט זומער־שפּרינקלעך און דאָ אַ פאמיליע מיט ווייסע פנים׳ער און שוואַרצע האָר. וואָס זאָגסטו, נישט אַזוי ?

די שיף פאָהרט דורך אַ גרויסען וואלד. עס הויבט אָן טאָגען און איך שלאָף נישט. מיינע געדאנקען לאָזען נישט. איך קוק אַריין. וואונדערבאר ! דער וואלד שטעהט אויף פון שלאָף, הויבט אָן אויפלעבען, איך באמערק ווי די קליינע חיה׳לעך לויפען צו זייערע באהעלטענישען און די פייגעלעך הויבען אָן אַרויספליהען פון זייערע נעסטען. איניגע הויבען אָן רופען זייערע חברים, אנדערע הויבען אָן זינגען זייער מאָרגען־געזאנג און אנדערע ווידער זוכען זייער שפּייז. די געוויקסען הויבען זיך אָן עפענען אַנטקעגען דער זון, וואָס דו קענסט עס לייכט באמערקען. וואָס זאָל איך דיר זאָגען, עס וואָלט מיר נישט מיאוס געוואָרען צוצוקוקען זיך אַ גאנצען מעת־לעת. עס איז געווען אַ וואונדערבארע פאנאראמע און בפרט פאר מיר, אזוי ליעב־האָבענדיג דעם וואַלד.

די שיף שטעלט זיך אָב אין קיעוו. זעהר פיעל רייזענדע געהן אַראָב פון שיף, צווישען זיי איניגע אידען, וועלכע האָבען געהאט וואוין־רעכט און אַ פּאָר, וואָס האָבען נישט געהאט קיין וואוין־רעכט, און פאָהרענדיג האָבען זיי געמאכט פּלענער ווי און ביי ועמען זיך צו באהאלטען. נאָר די פּויערים זיינען אַלע אַראָב.

די שיף איז דאָרט געשטאנען איניגע שעה. צוריק זיינען שוין אַרויף אנדערע רייזענדע און אויך זעהר פיעל גאָר אנדערע פּויערים, מיט ברייטע בלאָהע הויזען, מיט אַזוינע מאָדנע דזשעקעטען און לאנגע האָר און לאנגע שטיוועל. די פּויערטעס, שווארצע פארפלאָכטענע צעפּ פארבונדען אויף הינטען, אויסגענעהטע העמדער, וואָס זיינען לענגער פון זייערע רויטע קליידלעך ; באָרפיסע, מיט זעהר פיעל פּערל אויף די העלזער. עס ווייזט אויס, אַז זיי לעבט זיך בעסער ווי אונזערע פּויערים. זיי פאָהרען שוין צוריק אויסגעבעטענע.

די שיף פאָהרט דורך נאָך פארשידענע שטעדטלעך און שטעדט ווי טשערקאסק, קרעמענטשוג. שבת נאָך צוועלף דעם זייגער ביינאַכט זיינען מיר אָנגעקומען אין יעקאטערינאסלאוו. מען האָט אונז פון שיף נישט אַראָבגעלאָזט ביז זיבען דעם זייגער אין דער פריה. שלאָפען האָב איך נישט געקענט. איך האָב דערווייל איבערגעטהון דעם אנצוג, ווייל אויפ׳ן שיף האָב איך געטראָגען דעם אלטען, ווייל מען האָט זיך געברויכט אַביסעל צו וואַלגערען.

איך האָב אויסגעפּוצט מיינע שיך, אַרומגעוואַשען זיך, פאַרקעמט און די געדאנקען ארבייטען. (דאָ באַגעגען איך די בייגעל־פאַרקויפערין).

פּונקט זיבען דעם זייגער האָט מען אונז אַראָבגעלאָזט פון שיף. עס זיינען שוין געווען פיעלע מענשען נעבען טייך: פרויען, מענער, יונג און אלט. איך הער אַ זיסע יונגע פרויען־שטימע וואָס שרייט:

— הייסע בייגעל, ערשט פון אויוועז!

די שטימע האָט מיך צוגעצויגען. איך געה צו. איך בין געבליבען שטעהן און נישט געוואוסט וואָס צו זאָגען. איך קויף ביי איהר אַ פּאָר בייגעל און באטראכט די מיידעל. זאָל עס זיין אַ פארשטעלטער מלאך? דארפסט נישט פארגעסען, אז איך בין אַ שניצער. בלאָנדע, געקרייזעלטע האָר. נאָך אַ פּאָר פּעדערען פון קישען, קיין צייט נעבעך נישט געהאט זיך אויסצוקעמען. בלאָהע פאַרשלאָפענע אויגען, אַ געשניצט נעזעל, אַ קינדערש מיילכעל, נאָר צום קושען. אַ שמוציג קליידעל וואָס פון אונטען האָבען אַרויסגעשטעקט צוויי באָרפיסע געשניצטע פיס. זי איז געווען פון מיטעל געוואוקס, אין די יאָהרען זעכצעהן אָדער זיבעצענטער. און איהר שפּראַך — נחמה׳דיג זיס... וואָס זאָל איך דיר זאָגען, איך האָב נישט געקענט אָבטרעטען פון פלאץ. איך האָב שוין פארגעסען צוליעב וואָס איך בין געקומען. איך האָב זיך בארוהיגט און פרעג איהר פיליכט קען זי מיר ראטען אַ ביליגע איינפאָהר הויז אָדער אַ ביליגע קווארטיר. זי גיט מיר אַן אַדרעס. איך פארשרייב און זי מאהלט מיר אָב ווי אַזוי צו געהן אַהין און זאָגט מיר אויב איך וועל טרעפען, וועל איך זיין העכסט צופרידען.

איך געה דורך די שעהנסטע און לענגסטע גאס פון יעקאטערינאסלאוו, וואָס ציהט זיך פון וואקזאל און פון דניעפּער ביז יעקאטערינעס מאָנומענט און פּאטשאמקי׳ס פאלאץ און גאָרטען, וואָס שטעהט אויף אַ בארג. די גאס רופט זיך דער פּראָספּעקט. זי צוטהיילט זיך אין פינף טהיילען, אין מיטען לויפט די עלעקטרישע טראמוויי; אויףביידע זייטען — שפּאַציר־גענג, וועלכע זיינען פארצוימט מיט ביימער און בלומען און ביי זייערע זייטען — וועגען פאר פורען, וואָאָס זיינען ברוקירט מיט שטיינער דאַן זענען זעהר ברייטע טראָטואַרען מיט זעהר גרויסע געשעפטען און האָטעלען. איך באטראכט די גאס, נאָר מיינע געדאנקען זייענן ביי דער בייגעל־פאַרקויפערין. איך טראכט, ווען אַזאַ קינד וואשט זיך אַרום און טהוט אָן אַ ריין קליידעל, וואָלט קיין שעהנערס פון איהר אויף דער וועלט נישט געווען. זי געהט מיר נישט אַרויס פון די געדאנקען! זי מוז נעבעך זיין זעהר אָרים, אַז זי מוז פארקויפען הייסע בייגעל אַזוי פריה.

איך קום אויפ׳ן אַדרעס, אַרויף אַ באַרג אין אַ הויף, א ווייסע, נידריגע הייזעל, וואָס זי האָט מיר אָבגעמאָהלען, געמאכט פון ליים און קיזיק — אַזאַ מאטעריאל, וואָס זיי נוצען אין דער אוקראינע.

איך געה צו אן אָפּענער טהיר פון אַ פּאָדער־הויז, וואו עס ליגט האַלץ און נאָך פארשיעדענע הויז־ווירטשאפט און נעבען אַ זייט אַ ברייטע באנק, וועלכע איז געפּיקסט צום וואנט. איך קלאַפּ אָן אין טהיר, מען הערט נישט! איך קלאַפּ אָן אין פענסטער; קומט אַרויס אַ מיטעליאָהריגע פרוי, זעהר אַ ריינע און גאָרנישט קיין מיאוסע. זי פרעגט מיך וואָס איך וויל. און בעט מיך איך זאָל רעדען העכער, ווייל זי הערט נישט זעהר גוט. איצט האָב איך שוין פארשטאנען פאַרוואָס איך האָב באדארפט קלאַפּען צוויי מאָל.

איך ערקלעהר איהר, אַז איך קום יעצט צופאָהרען מיט׳ן שיף און זוך אַ דירה. זי פרעגט מיך ווער עס האָט מיך געשיקט. איך זאָג איהר, אַ מיידעל נעבען דניעפּער וואָס פארקויפט בייגעל. זאָגט זי: „אָה, ביילקע!״ —בין איך שוין געוועזן צופרידען דערווייל וויסענדיג שוין דעם נאָמען פון דער מיידעל אין וועלכען איך בין שוין פארליעבט. זי האָט מיך אַריינגערופען אין הויז און פון מיר צוגענומען דעם טשעמאָדאַן, מיר געהייסען זיך זעצען און פרעגט מיר ווי לאנג איך בין אין וועג. ענטפער איך, אַז שוין באלד זעקס טעג. זי געהט מיר מאכען אַ גלאָז טהיי און איך באטראכט די וואוינונג: אַ קיך מיט אַ גרויסען אויוועז; נעבען פענסטער אַ גרויסע באנק, אונטער דער באנק — געשיר: טעפּלעך, טעלער און נאָך פארשידענעס. נעבען אויוועז — לאפּיטעס, ווילקעס, אַ בעזים און נאָך פארשידענעס. נאָר אלעס אויפ׳ן פלאץ, אויסגעווייסט ווייס מיט פארשידענע אווזארען, די פּאָדלאָגע, אַ ליימענע, רויט אויסגעשמירט מיט אַזאַ פארב. אין דעם צימער, אין וועלכען איך בין געזעסען, איז אין איין זייט געשטאנען אַ בעט מיט זעהר פיעל קישענס און אַ פּאָרהאנג. ווייטער איז געשטאנען דריי זאפעס און זעקס בענקלעך און אַ קיילעכדיגער טיש פון זעהר אַן אלטען סטיל. געהאַט מזל, אַריינגעכאַפּט זיך אין גוטע הענד. די פּאָדלאָגע איז דאָ אויך רויט געפארבט און די ווענט זיינען ווייס אויך מיט אווזארען. איך פיהל זיך אַזוי היימיש, אַזוי וואַרים, ווי כ׳וואָלט דאָ געוועזן געבוירען. זי דער־לאנגט מיר אַ גלאָז טהיי. איך נעהם טרינקען און דערשרעק זיך. עס איז בי־טער. איך פרעג איהר: „וואָס איז עס פאר אַ טהיי?״ זאָגט זי מיר: „טרינק עס אויס, מיין קינד, ס׳וועט דיר טהון גוטעס. דו ביסט שוין באלד אַ וואָך אין וועג, געגעסען טרוקענס״. איך הויב אָן פאַרשטעהן וואָס עס איז פאַר אַ טהיי. איך זאָג איהר„ אז איך פיהל זיך פּאָלקאָם געזונד. עס האָט נישט געהאָלפען. איך האָב עס געמוזט אויסטרינקען און זי האָט מיר געראַטען אימער ווען איך וועל קומען אין אַן אַנדער שטאָדט אָדער אויף אנדערע קעסט זאָל איך עס באלד טהון.

זי דערלאנגט מיר אין קיך אויפ׳ן באנק אַ הילצערנע כלי מיט וואַרעמע וואַסער און הייסט זיך מיר אויסטהון אין העלפט און איינוואַשען זיך. זי וואָלט מיר געשיקט אין אַ באָד, נאָר אַזוי ווי עס איז זונטאָג זיינען זיי פאר־מאַכט, ווייל זיי באלאנגען צו קריסטען. איך טהו וואָס זי הייסט מיר. זי העלפט מיר אויסוואַשען די פּלייצע. זי נעהמט אַרויס פון מיין טשעמאָדאַן

ווייסע וועש און גיט מיר דאָס און הייסט מיר אַרונטערגעהן אונטער׳ן פּאַר־האַנג און גיט מיר אַהין די וואַסער. איך טהו וואָס זי הייסט מיר. ווען איך האָב זיך איבערגעטהון, האָט זי מיר דערלאַנגט זעהר געשמאַקע קאַווע, זע־מעל מיט פּוטער און צוויי לויזע אייער אויפ׳ן קיילעכדיגען טיש אויף זעהר אַ ווייסער טיש־טוך.

איך עס מיין פרישטיג און מיר כאַפּען אַ שמועס. זי דערצעהלט מיר, אַז צו זעקס און צוואַנציג יאָהר איז זי נעבעך געבליבען אַן אלמנה מיט אַ זוהן פון פינף יאָהר. איהר מאַן איז גע׳הרג׳עט געוואָרען אין מלחמה. פון דאַן אָן מאַטערט זי זיך, האַלט לאָדזשערס, אַרבייט ביי אַ קצב, העלפט פליקען די עופות, נאָר זונטאָג אַרבייט זי נישט. איך זעה אויפ׳ן באַנק, אויף וועלכען איך האָב זיך איינגעוואַשען, ליגען זעהר פיעל הינערשע דרויבעס מיט שמאַלץ אויף אַ ברעטעל איינגעזאַלצען. פאַרשטעה איך, אַז עס קאָסט איהר נישט טייער און די פיעל קישענס אויף איהר בעט קאָסט אויך ביליג.

פון צרות איז זי נעבעך טויב געוואָרען. איהר זון, וועלכער איז שוין פאַרהייראַט, קומט זי אַלע שבת זעהן. ער איז אַ שלעסער, מאַכט קוים אַ לעבען.

איך פרעג איהר ווער איז די מיידעל, וואָס האָט מיך צו אייך געשיקט, ענטפערט זי, אַז דאָס איז איהר חבר׳טעס אַ טאָכטער, וועלכע איז גע׳גט מיט איהר מאַן און יעצט איז זי נעבעך אַ קעכין אין אַ רעסטאָראַן. אַרבייט זעהר שווער. קומט זי אַלע שבת זעהן און איהר טאָכטער, וועלכע געפינט זיך ביי איהר פאָטער, וועלכער איז פאַרהייראַט, האָט שוין דריי קינדער מיט דער צווייטער פרוי, האַלט אַ קלייטעל נישט ווייט פון דניעפּער און זי נעבעך דאַרף האָדעווען איהרע שטיף־שוועסטער און ברידער און מוז נאָך העלפען אין קלייטעל און געהן צום שיף מיט הייסע בייגעל. נאָר שבת קומט זי זעהן איהר מוטער און זיי טרעפען זיך טאַקע דאָ. עס פרעהט מיך, אַז שבת וועל איך זי זעהן. ווייל זי געהט שוין נישט אַרויס פון מיינע געדאַנקען. די פרוי פרעגט מיך מיט וואָס איך באַשעפטיג זיך, איך זאָג איהר, אַז איך בין אַ שניצער. ווייסט זי נישט וואָס דאָס באַדייט. זי הערט עס צום ערשטען מאָל. איך גיב איהר צו פאַרשטעהן: איינער וואָס שניצט ארון־קודש׳ן. זאָגט זי, אַז זי ווייסט שוין: אַ טאָקער! זאָג איך: נישט קיין טאָקער, אַ טאָקער מאַכט קיילעכדיגע זאַכען. צום גליק איז אויפ׳ן טיש געווען אַ שטיקעל שניצונג, ווייז איך איהר. מאַכט זי, אַז זי האָט געמיינט, אַז עס מאַכט אַ סטאָליאַר.

דו מוזט נישט פאַרגעסען, אַז איך האָב בשעת מעשה געמוזט רעדען הויך.

איך פרעג זי וואָס פאַר אַ באָרדערס זי האָט. ענטפערט זי מיר, אַז איינער איז אַ סטאָליאַר, קומט פון ווילנע און איינער אַ שניידער, קומט טאַקע פון זעלבען געגענד וואָס איך, נאָר פון אַ קליין שטעדטעל. דעם נאָמען האָט זי פאַרגעסען. געקראָגען אַ שלעכטען זכרון. זיי זיינען זעהר פיינע יונגעלייט.

איך האָב דערווייל אָנגעשריבען אַ בריעף אַהיים פון מיין רייזע און אויך כון מיין לאָדזשע און שוין פארלויבט מיין לאָדזשע־מיסעס; אָנגעשריבען דעם אַדרעס, אַריינגעוואָרפען דעם בריעף אין פאָסט־קעסטעל און צוריק אַריין אין שטוב. איך קוק זיך צו ווי זי גרייט צו דעם מיטאָג און וואָלט שוין דערלעבען די מינוט צו זעהן זיך מיט׳ן סטאָליאַר.

זי האָט דערווייל צוגעגרייט דעם טיש, דער מיטאָג איז באשטאנען פון האָבערנער זופּ, געקאָכט מיט הינערשע דרויבעס, מיט נייע בולבעס און נייע באָבעס. פארבייסען האָט זי געמאכט לאטקעס מיט צוריבענע בולבעס און אויך אַריינגעשאָטען מצה־מעהל און אַריינגעקלאַפּט דריי אייער, און אויך מיט די זעלבע אָנגעפילט די הינערשע העלזלעך און האָט עס אויסגעפּרעגעלט אין גענזענע שמאלץ. וואָס זאָל איך דיר זאָגען, עס איז געווען טעם גן־עדן. אַלע גוטע מענשען זאָלען עס עסען און — שלעכטע זאָלען עס צוזעהן...

אַ פערטעל נאָך איינס זיינען געקומען די באָרדערס. זי האָט מיך באַקענט מיט זיי און מען האָט זיך געזעצט עסען. דער סטאָליאַר האָט אויפגעגעסען דריי טעלער זופּ מיט אפשר צעהן לאטקעס מיט צוויי הינערשע העלזלעך, ווייל קיין פּאָרציע האָט מען נישט געגעבען. עס האָט זיך געלאָזען עסען.

איך וואָלט דאַמאָלסט אויך געקאָנט ווייזען דעם קונץ, נאָר איך האָב זיך פּשוט געשעמט, זייענדיג אַ נייער באָרדער. קורץ, וואָס זאָל איך דיר זאָגען, עס האָט זיך געלאָזען עסען און אַזוי איז געווען אלע איהרע מאכלים.

דערווייל, ביים מיטאָג, האָב איך זיך באַקענט מיט די באָרדערס. זיי זעהן אויס גאנץ בראווע יונגעלייט און דער סטאָליאַר לאָזט מיר וויסען, אַז קיין אידישע שניצערס זיינען דאָ נישטאָ. עס איז דאָ אַ קריסטליכע פירמע, וואָס אַרבייט קלויסטער־אַרבייט און עס ארבייטען דאָרט זעהר פיעל שניצערס נאָר דורכאויס קריסטען. און ווען אַ אידישער סטאָליאַר דארף אַ שטיקעל שני־צונג קומט איהם אָן מיט שוועריגקייט ביז ער קריגט עס אַרויס און מען רע־כענט איהם אַ גוטע פּרייז און ווען איך זאָל אָנפאנגען פאר זיך, וואָלט איך פארדינט גוטע געלד.

זאָג איך, ניין, דאָס וועל איך נישט טהון. איך וויל נאָך לערנען די אַרבייט, וועלכע איך האָב ליעב און איך בין נאָך צו יונג. אויב עס וועט זיין לית־ברירה, וועט מען זעהן.

ער האָט מיר אויך געזאָגט, אַז מען ארבייט דאָרט שבת. האָב איך איהם געזאָגט, אַז דאָס וועל איך געוויס נישט טהון, עס זאָל מיר אַפילו אויסקומען ווי שלעכט. עס איז געבליבען אויף מאָרגען צו געהן צום פּלאַץ.

די נאַכט האָב איך געדענקט, אַז איך וועל נישט קענען שלאָפען, ווייל די געדאנקען האָבען געאַרבייט. די מיידעל, וועלכע איז מיר נישט אַרויס פון קאָפּ, און דעם פּלאַץ פון אַרבייט צו וועלכען איך דארף מאָרגען געהן, האָבען געהאַמערט אין מיינע געדאנקען; נישט האָבענדיג געשלאָפען נאָהענט פון זעקס נעכט, בין איך פונדעסטוועגען באַלד איינגעשלאָפען, ווייל די ווירטין

האָט פאַר מיר געמאכט אַ גוטען געלעגער מיט פיעל קישענס, אַז מען האָט מיך קוים אויפגעוועקט.

אויפגעשטאנען, איינגעוואַשען זיך, געדאַוועגט מיט גרויס כוונה, געגעסען פרישטיק און זיך אַביסעל צוגעאיילט. געווען אַביסעל באאומרוהיגט בשעת איך בין אַוועק צום פלאַץ וואָס האָט זיך געפונען אויף דער קאזאנסקער גאַס. איך האָב זיך געפרעגט אויפ׳ן מייסטער, מען האָט מיר איהם אָנגעוויזען. זעהט אויס אַ גאַנץ אנגענעמער קריסט. מיט אַ שוואַרצער באָרד און איז אין די מיטעלע יאָהרען. ער פרעגט מיך וואָס איך וויל. איך זאָג איהם אַז איך זוך אַרבייט. פרעגט ער וואָס פאַר אַן אַרבייט, ווייל דאָרט האָבען אויך געארבייט סטאָלארעס, גילטערס און מאהלערס, וואָס פלעגען מאהלען די איקאָנעס פון די אַלע הייליגע. געווען צווישען זיי גרויסע קינסטלער.

איך זאָג איהם אַז איך בין אַ שניצער. פרעגט ער, וואו איך האָב געאַרבייט. דערצעהל איך איהם, אַז איך בין יעצט פון דער לעהרע. פרעגט ער מיך ווי־דער וואָס פאַר אַן ארבייט איך האָב געלערענט. ערקלעהר איך איהם, אַז ביי מיין מייסטער פלעגט מען פון אַ בוים, וואָס ער פלעגט זונטאָג קויפען ביי אַ פויער, מאכען געשניצטע שטוהלען און דיוואַנעס. וויל ער וויסען פון וואַנען איך קום. זאָג איך איהם, פון מאגילעוו. פרעג ער וויפיעל רעכען איך צו פארדינען אַ וואָך? זאָג איך, וויפיל איך וועל ווערט זיין אַזויפיל וועט איהר מיר געבען.

ער הייסט מיר ברענגען מיינע געצייג און שטעלען זיך צו דער אַרבייט. ערקלעהר אידי איהם, אַז איך האָב נישט קיין געצייג, ווייל וואו איך האָב גע־לערענט די ארבייט איז געווען איין סעט געצייג מיט וועלכעס עס האָבען גע־אַרבייט פינף לעהרען אינגלעך און אויב איינער האָט געהאלטען אַ שטיקעל געצייג און דער צווייטער האָט עס באדארפט, האָט ער געמוזט וואַרטען. האָט ער זיך צולאכט.

ער פרעגט מיך צי איך האָב אַ כאַלאַט, וואָס מען טראָגט ביי דער אַרבייט. זאָג איך, אַז איך האָב עס נאָך נישט געזעהן. עס ווייזט אויס, אַז איך געפעהל איהם און ער דארףמיך. ער פרעגט מיין נאָמען. איך זאָג איהם. זאָגט ער: „איך זעה אַז דו ביזט אַ איד און שבת וועל איך דיר נישט לאָזען אַרבייטען. נאָר אַזוי ווי מען האלט ביי מיר צוויי שעה מיטאָג, וועסטו עס קענען מאכען אין איין שעה און אויב דו וואוינסט ווייט וועסטו קענען ברענגען דיין מיטאָג אַהער“. דו הערסט דבורים פון אַ קריסט? געווען זעהר אַ פרומער. געפרעגט מיך צי איך האָב תפילין און אן ארבע־כנפות און צי איך מאליע זיך; עס הייסט, צי איך דאווען. ווי געפעלט דיר? איך קוק אויף איהם, אַ שוואַרצע אידישע באָרד, נאָר אַ קריסטליכער פּנים.

ער טהוט אויס זיין כאַלאַט און הייסט עס מיר אָנטהון און גיט מיר זיין וואַרשטאַט מיט זיינע געצייג און דערלאנגט מיר אַ שטיקעל ארבייט און הייסט מיר ווייזען וואָס איך קען. איך נעם שניצען לאפעטעס אַזוי ווי ביי אַלע

מייסטערס, פוילען זיך צו שאַרפען זייער געצייג. געווען נישט קיין שלעכטער שניצער, זעהר גוט אויף פיגורען, נאָר ענדיגען האָט אימער געמוזט אַן אנדערער.

איך נעם שארפען די געצייגט. ער קוקט זיך איין. עס ווייזט אויס, אַז איהם געפעלט ווי איך שארף און דערווייל וועט ער האָבען שארפע געצייגט אָנגעשארפט. אייניגע שטיקלעך געצייגט וועלכע איך האָב געברויכט פאר דער שטיקעל אַרבייט, איינגעאַרבייט אַביסעל. ער איז אַוועק. געקומען מיטאָג־צייט איז ער צוגעגאנגען און זיך איינגעקוקט און זאָגט מיר אַז נאָכמיטאָג וועט ער שיקען זיין עלטסטען און וועט מיר קויפען געצייגט מיט אַ כאלאט פאר וועלכע איך וועל דארפען אָבצאָהלען אַ רובעל אַ וואָך. ער האָט מיך געפרעגט צי איך האָב געלד. האָב איך איהם געזאָגט, אז איך האָב אָנדערט־האלבען רובעל. האָט ער ווייטער געלאכט און האָט מיר געזאָגט, אַז מיינע שכירות וועט זיין ניין רובעל אַ וואָך ביז אַ געוויסער צייט. ערשט נאָך ביז אַ געוויסער צייט! גלויב מיר, ווען איך שעהם זיך נישט, וואָלט איך איהם גע־כאַפּט קושען.

איך בין געלאָפען עסען מיטאָג, ווי מען זאָגט אַזוי ווי אַן אונטערגעשאָ־סענער. שיער טאקע נישט גע׳הרג׳עט געוואָרען לויפענדיג צו דערצעהלען מיין גרויסע שמחה מיין לאָדזשע־מיסעס און די באָרדערס. מיין לאָדזשע־מיסעס פון גרויס שמחה האָט מיך געכאפּט קושען. דער סטאָליער האָט געזאָגט, אַז ער האָט געוואוסט, אז איך וועל קריגען דעם פרייז און דער שניידער האָט פאר מיר אָנגעהויבען האָבען דרך־ארץ — אַזאַ יונגערמאן זאָל פארדיענען אַזוינע שכירות!

איך האָב אָבגעאַרבייט ביז פרייטאָג. דער מייסטער איז צוגעגאַנגען צו מיין ווארשטאט און האָט מיר דערלאנגט אכט רובעל מיט פערציג קאָפּיקעס. און זעכציג קאָפּיקעס האָט ער אַראָבגענומען אויפ׳ן חוב, ווייל די געצייג האָבען באטראָפען צוועלף רובעל מיט זעכציג קאָפּיקעס און די איבעריגע צוועלף רובעל וועל איך אָבצאָהלען אַ רובעל אַ וואָך.

איך בין געקומען אויף מיין קווארטיר און געפרעגט מיין לאָדזשע־מיסעס וויפיל איך בין איהר שולדיג און זי זאָגט מיר, אַז צוויי מיט אַ האלבען רובעל. איך וויל איהר געבען מעהר, זאָגט זי, אַז דאָס איז איהר פרייז און הלואי וואָל־טען איהרע אַלע באָרדערס געצאָהלט רעגולער, וואָלט זי גאָרנישט געזינדיגט. זי האָט מיר געגעבען אַ גלאָז טהיי און האָט מיר דערלאנגט מיינע וועש, וועלכע איך האָב אויסגעטהון, שוין אויסגעוואַשען, פאַרריכט. וואו מען האָט געדארפט, אָנגענעהט קנעפּלעך און מיר געהייסען געהן אין באָד און האָט מיר געזאָגט, אַז בעדער איז דאָ צוויי: איינע איז אויפ׳ן פּראָספּעקט, וואו עס געהן די רייכערע, וואָס דאָרטען קאָסט צוואַנציג קאָפּיקעס און איינע איז דאָ אויף דניעפּראווקע גאס, וואָס קאָסט צעהן קאָפּיקעס. „קענסט אויסקלויבען וועלכען דו ווילסט“.

עס איז אינטערעסאנט צו זעהן אַ באָד, וואָס קאָסט צוואַנציג קאָפּיקעס, ווייל ביי אונז, אַזוי ווי דו ווייסט, איז די טייערסטע באָד געווען פינף קאָפּיקעס. איך בין אַוועק אין דער טייערער. אַז עס געהט מיר אַזוי גוט — ניין רובעל אַ וואָך! אין מאגילעוו האָט מען מיר געוואָלט געבען פערציג רובעל אַ יאָהר, איז אויך וואָלט איך קיינמאָל קיין געלד נישט געזעהן.

איך בין צוגעגאנגען צו דער טייערער באָד און האָב מורא געהאט אַריינ־צוגעהן. שעהנער ווי ביי אונז דעם גובערנאַטאָר׳ס פּאלאַץ. איך בין אַריין, באצאָהלט און באטראַכט אלעס ארום מיר און שעהם זיך נישט און פרעג וואו מען טהוט זיך אויס. דאָ געפינט זיך אַ גרויסער באסעין וואו מען באָדט זיך און מען שווימט און די וואַסער געהט אַריין אין באַסעין פון אַ בערגעל מיט שטיינער. עס קוקט אויס ווי אַ וואַסער־פאַל, קונציג אויסגעאַרבייט.

אַרום דעם באַסיין שטעהן ווייכע זאָפעס וואו מען טהוט זיך אויס און מען קען כאַפּען אַ שלאָף. געוועהנליך ווער עס וויל, נאָר נישט איך. איך האָב זיך אויסגעטהון, אַריין אין דעם צימער וואו מען וואַשט זיך. דאָרט געפינען זיך מאַרמאָרנע בענק מיט קופערנע שיסלען. איך קוק וואָס אַנדערע טהון און איך טהו זיי נאָך. ווי מען זאָגט, אַזוי ווי אַ מאלפּע.

אויסגעוואַשען זיך, איך פרעג זיך נאָך וואו מען שמייסט זיך. איך בין אַריין אין אַ מאַרמאָרנער פאל, דאָרט ליגען גומענע שטיקער כדי מען זאָל זיך נישט גליטשען. איך פרעג אויך וואו איך קען קריגען אַ בעזים. מען ווייזט מיר און איך לאָז זיך וואוילגעהן, אַז די צוואַנציג קאָפּיקעס זאָל ווערט זיין און עס פאַרדריסט מיר זעהר וואָס מיין פאָטער איז דאָ נישטאָ. איך איינער אַליין דאַרף האָבען אַזאַ גרויסען פארגעניגען!

אויסגעוואַשען, געוועהנליך זיך גוט אויסגעבאָדען, געשוואומען, אַביסעל זיך אויסגערוהט, זיך אָנגעטהון און אַוועק אין שוהל דאַוועגען. כ׳האָב אויך זעהר געוואָלט זעהן די שוהל און איבערהויפּט דעם ארון־קודש.

איך בין געקומען אויף מיין לאָדזשע שוין אַביסעל שפּעטליך, מען האָט שוין אויף מיר געוואַרט. די געפילטע פיש האָב איך שוין דערשמעקט אין הויף. די ליכט האָבען שוין געברענט אַ היבשע צייט און דער קיילעכדיגער טיש איז געווען געגרייט, זאָג איך דיר, אַז קיין שעהנערען דאַרף מען נישט. נאַטירליך, איך האָב געזאָגט אַ ברייטען „גוט־שבת!״ ווייל איך בין פאָרט געווען אין שוהל. געזאָגט חסרונות אויפ׳ן ארון־קודש, קיין בעסערען סימן דאַרף מען נישט, ווייל די אַנדערע באָרדערס זיינען נישט געווען אין שוהל.

מיך, אלס גאַסט, און זייענדיג אין שוהל, האָבען זיי מכבד געווען מיט מאַכען קידוש. אַ שטימע האָב איך געהאט אַ גוטע. געוועהנליך האָב איך באוויזען וואָס איך קען און די בעל־הבית׳טע האָט געקליבען נחת. געוועהנ־ליך האָט מען מיך שוין מכבד געווען מיט׳ן בענשען, ווייל מיר זיינען שוין געווען דריי און מיין בעל־הבית׳טע האָט אָנגעקוואַלען.

נאָכ׳ן מאָלצייט האָבען מיר פּארבראכט, געגעסען קערלעך. אַזוי פיהרען זיי זיך אין דער אוקראינע. אנדערע געהן אין גאס און קנאקען קערלעך, פשעמעטשקעס הייסט עס. דערנאָך האָבען מיר געטרונקען טהיי מיט לעמאָן און מען איז געגאנגען שלאָפען.

אויף מאָרגען בין איך אַוועק אין שוהל. אַהיים געקומען נאָכ׳ן דאַווענען צום מיטאָג און באַלד זיינען געקומען די אנדערע באָרדערס און מען איז געגאַנגען עסען דעם שבת׳דיגען מאָלצייט. איך גלויב, אַז עס וועט זיין צופיעל איך זאָל אלעס אויסרעכענען וואָס עס איז געווען. נאָר עס איז געווען זעהר גוט: פיש און פוטשאַ (פיסנאָגע) און אַ שטיקעל צימעס פלייש און אַ טשאָלענט מיט צוויי פעטע קוגלען, איינער איז טאקע געווען צוליעב מיין כבוד און ביז היינט ווייס איך נישט פון וואָס ער איז געווען גע־מאכט. וויפיעל איך האָב זיך ביי איהר געבעטען נאָר זי האָט מיר נישט גע־וואָלט זאָגען. בקיצור, עס איז געווען זעהר גוט.

נאַטירליך מען איז מיך שוין ווייטער מכבד מיט קידוש און בענשען ווי זאָגט מען, אַז עס געהט איז ניטשעוואָ גאָוואַריש, עס הייסט עס איז נישטאָ וואָס צו רעדען. מיר האָבען ביים טיש אַביסעל געזונגען זמירות. און אַ פּאָר רוסישע לידער נאָכ׳ן בענשען.

די באָרדערס זיינען אַוועק שפּאצירען און די בעל־הבית׳טע האָט מיר געראַטען, אַז איך זאָל מיט זיי נישט געהן, ווייל זיי זיינען שארלאטאנעס, געהן ארום נישט מיט קיין אָרענטליכע מיידלעך. טראכט איך, פריהער זיינען זיי געווען זעהר פיינע יונגעלייט, יעצט זיינען זיי געוואָרען שארלאטאנעס! קלעהר איך, זאָל זיין אַזוי

איך בין געבליבען אין שטוב, זיך אַביסעל אָנגעשפּאַרט אויף אַ זאָפע און אַזוי ווי איך ליג, קומט אַריין אַ פרוי אין די מיטעלע יאָהרען און צוקושט זיך מיט דער ווירטין און די ווירטין שטעלט מיך פּאָר אלס איהר נייער באָרדער און לויבט מיך אָב ביז׳ן הימעל און זאָגט איהר, אז טאקע איהר ביילקע האָט מיך צו איהר געשיקט און אזוי ווי מיר רעדען עפענט זיך די טהיר און עס פליהט אַריין אַן אויסגעפּוצטער מלאך און צוקושט זיך מיט דער פרוי און מיט דער ווירטין. דערזעהענדיג מיך זאָגט זי: „איהר האָט טאקע געטראָפען אַזוי ווי איך האָב אייך אָבגעמאָהלט!"

וואָס זאָל איך דיר זאָגען, ווען איך האָב דערזעהן די מיידעל אַן אויסגע־פוצטע, בין איך געוואָרען באַצויבערט. איך האָב נאָך אַזאַ שעהנהייט נישט געזעהן. אַ מלאך! איך האָב זיך אין איהר פארליעבט, ווי זאָגט מען, ביז׳ן טויט און כ׳ווער רויט און פאַרשעהם זיך.

איך נעהם זיך אָן מוט און באַדאַנק איהר פאר דער קווארטיר פון וועל־כער איך בין העכסט צופרידען. מיין באַלעבאָסטע דאנקט איהר אויף פאַר׳ן צושיקען מיך און פארלויבט מיך פאר אַ גוטען זינגער און וואָס פאַר אַ גע־לערנטער איך בין; ווי אַזוי שעהן איך האָב געמאכט קידוש און געבענשט

און וואָס פאַר אַ פאַרדינער איך בין, נעם ניין רובעל אַ וואָך און שפּעטער וועל איך קריגען מעהר. וואָס זאָל איך דיר זאָגען, — קיין בעסערע רעקאָמענדאַציע קען נישט געבען. איך הער עס אַלץ אויס, איך שעהם זיך אַפילו, נאָר איך בין צופרידען, ווייל ווער וויל עס נישט אַ גלעט, ספּעציעל פאַר אַ מיידעל אין וועלכער מען איז שוין פאַרליעבט?

איך נעם זיך אָן מוט און זאָג: „איך וואָלט וועלען אייך מיט עפּעס טראַקטירען פאַר דער גוטער קוואַרטיר", און פרעג זיי: „ביי אייך איז דאָ אַ טהעאַטער?" ענטפערען זיי, אַז עס איז דאָ אַ אידיש-טהעאַטער און אויך אין שטאָדט-גאָרטען איז דאָ אַ אָפענע סצענע וואו מען שפּיעלט מוזיק און עס געהן אַרום אַרטיסטען און זינגען און טאַנצען.

זאָג איך, אַז איך וואָלט זעהר וועלען, אַז זיי זאָלען מיט מיר געהן וואוהין זיי ווילען, ווייל דאָס וואָלט מיר זעהר צופרידען געשטעלט. האָבען זיי מיר געענטפערט: „אין אידישען טהעאַטער געהן, וועט איהר אויסקומען געהן שפּעט אַהיים און איהר פאָטער וועט נישט וועלען. און זי קען נאָך קריגען אַ חלק, ווייל ער איז זעהר אַ בייזער". איז געבליבען מען זאָל געהן אין שטאָדט-גאָרטען.

מיר זענען אַלע אַוועק. איך האָב גענומען פיער בילעטען, וואָס האָט באַטראָפען זעכציג קאָפּיקעס און געקויפט פאַר צוואַנציג קאָפּיקעס אַ שאַכטעל טשאָקאָלאַד און בין געוואָרען אַ גאַנצער קאַוואַליר און דאָרט האָב איך זיי טראַקטירט מיט זעלצער וואַסער, מיט סיראָפּ; ווי זאָגט מען, אַז הוליען זאָל זיין געהוליעט!...

מיר איז אויסגעקומען זיצען נעבען איהר. איך גלויב, אַז מיין באַלעבאָסטע האָט עס געמאַכט און איך ווייס נישט ווי אַזוי. עס איז אָבער געשעהען. מיר האָבען זיך ביידע געהאַלטען פאַר די הענד. גלויב מיר, אַז איך האָב אויף דער סצענע גאָרנישט געזעהן און נישט געהערט, איך בין געפלויגען אין די הימלען.

נאָכ'ן טהעאַטער האָבען מיר זי אַלע באַגלייט אַהיים און איהר מוטער איז אַוועק אויף איהר שטעלע און איך מיט מיין באַלעבאָסטע זיינען אַוועק אַהיים. אויפ'ן וועג האָבען מיר זעהר ווייניג גערעדט, ווייל זי איז געוועזען טויבליך און מען האָט געמוזט שרייען און זי האָט זיך געשעהמט.

געקומען אַהיים זיינען די באָרדערס נאָך נישט געוועזען. איך זאָג מיין לאָדזשע-מיסעס, אַז די מיידעל געפעלט מיר און זי זאָל זיך דורכרעדען מיט איהר מוטער און אויך מיט דער מיידעל, צי איך געפעל איהר.

זונטאָג בין איך געגאַנגען זעהן וואו די קרעמעל איז, וואו זי געפינט זיך, פיליכט וועל איך זי קענען זעהן, ווייל איך האָב שוין די נאַכט נישט געשלאָפען, נאָר געטראַכט וועגען איהר.

אויסגעפונען וואו דאָס איז, בין איך אַריינגעגאַנגען אין קרעמעל. איז אַרויס אַ בייזליכער איד און פרעגט וואָס איך וויל. איך בעט פּאַפּיראָסען.

פרעגט ער וואָסערע. זאָג איך עס מאכט נישט אויס, ווייל איך בין נישט קיין גרויסער רויכערער. פרעגט ער ווייטער פאר וויפיל. זאָג איך פאר פינף קאָ־פיקעס. ער דערלאנגט מיר צעהן פאפיראָסען. איך פאררויכער און צוהוס זיך גאנץ גוט. איך האָב נאָך דאן נישט גערויכערט, נאָר איך האָב דאָרט געוואָלט שטעהן אַביסעל, פיליכט וועט זי אַרויסגעהן און איך וועל זי קענען זעהן. איך וויל פּרואווען מיט איהם פארפיהרען אַ שמועס, אָבער ער איז נישט קיין ריידעוודיגער. איך בין אוועק מיט גאָרנישט. די פאַפּיראָסען האָב איך אַוועקגעגעבען די באָרדערס און אזוי פלעג איך גאנץ אָפט געהן אַהין און קויפען פאפיראָסען און פלעג עס אוועקגעבען די באָרדערס און זי פלעג איך נישט זעהן. ביז איך האָב אויסגעפונען, אַז די צייט געפינט זי זיך נישט אין קרעמעל. זי לייגט די שטיפקינדער שלאָפען. האָב איך שוין אויפגעהערט צו געהן. דערווייל האָבען זיך די באָרדערס צוגעוואוינט נעמען ביי מיר אַ פאַפּי־ראָס, האָב איך שוין געמוזט אָנהויבען רויכערען, ווייל עס האָט שוין אנדערש נישט געפּאַסט...

קוים דערלעבט שבת, אויף וואָס איך האָב אונגעדולדיג געוואַרט. פונקט צוויי דעם זייגער: זי און איהר מוטער זיינען דאָ! זיי האָבען זיךביידע צו־קושט מיט דער לאַדזשע־מיסעס און מיר האָבען זיי ביידע געגעבען די האנט.

די באָרדערס זיינען אַוועק. איך בין געבליבען. מיר טרינקען טהיי און מען פארברענגט און מען פלוידערט. אין יענעם שבת האָט זיך געשפּיעלט אין אידישען טהעאַטער גאָלדפאדען׳ס „די צוויי קוני לעמעלס״. עס האָט געשפּיעלט ספּיוואקאווסקי, פישזאָהן און ריבאלסקי און זאסלאַווסקי. איך האָב זיי געבעטען אַז זיי זאָלען מיט מיר מיטגעהן, ווייל איך וויל עס זעהר זעהן. איך האָב נאָך קיין אידישען טהעאַטער נישט געזעהן. זיי האָבען אָנגענומען מיין איינלאַדונג. זי האָט זיך אַפילו געשראָקען פאר׳ן פאָטער צו קומען שפּעט, נאָר מיין לאַדזשע־מיסעס האָט איהר בארוהיגט, אז זי וועט איהר ברענגען גלייך אין שטוב. און מיר זיינען אַוועק. איך האָב זיך זעהר גרויסגעשטעלט, טראַקטירט זיי מיט טשאָקאָלאַד און ווייטער מיט זעלצער וואַסער, מיט סיראָפּ און אויך מיט סאכאר־מאראזשענע (אייז־קרים) און מיר האָבען זיך גוט אָנ־געלאכט פון וואָס זי איז געווען זעהר צופרידען. זי האָט עס אויך געזעהן צום ערשטען מאָל.

מיר האָבען זי אלע באַגלייט אהיים. איך מיט איהר מוטער האָבען גע־וואַרט אין דרויסען און מיין לאַדזשע־מיסעס האָט איהר אַריינגעפיהרט אין הויז און האָט אונז געזאָגט, אַז אלעס איז דורך בשלום. מיר האָבען אַביסעל באַגלייט איהר מוטער און מיר זיינען אַוועק אַהיים.

# איך ווער באפריינדעט מיט אגרויסען קינסטלער

אַרבייטענדיג אויפ׳ן פלאץ בין איך זעהר באפריינדעט געוואָרען מיט׳ן בעסטען מאהלער פון פלאץ, וואָס פלעגט מאהלען די איקאנעס פון די אלע הייליגע ער איז געווען אַ גרויסער קינסטלער און אַ פערזאָן וואָס זעלטען מען קען באגעגענען. דער קינסטלער איז ביי איהם געווען אויס־געמאהלט אויפ׳ן געזיכט און טאָמער איז וויניג, האָט ער וואונדערבאר גע־שפיעלט אויפ׳ן גיטאר און געזונגען מיט זעהר אַ קלינגענדען באַריטאָן.

נאָר ער זאָל מיר מוחל זיין, איז געווען זעהר אַ גרויסער שכור. אַן אַלטער בחור אַ יאָהר פערציג מיט׳ן נאָמען טאוואריש דרוטשין. נאָר ער האָט געמעגט טרינקען, וויל וואָס מעהר ער האָט געטרונקען, אַלץ ליעבער איז ער געווען, פלעגט שעהנער זינגען און בעסער שפיעלען, מיט אזא זיסקייט און אזוי נשמה׳דיג, ווי זאָגט מען, אז מען קען פשוט צוגעהן. ער האָט מיך פשוט באצויבערט. איך האָב זיך צו איהם אַזוי צוגעלאָזט און איהם אזוי מקנא געווען, אז ער איז געוואָרען מיין אידעאַל און ער, ווייזט אויס, האָט דאָס געפיהלט. פלעגט ער אלע מיטאָג, ווען איך פלעג די שטונדע ארבייטען און ער פלעגט רוהען, פלעגט ער נעהמען זיין גיטאר און פלעגט שפיעלען רוסי־שע ראָמאנסען און פארשידענע אנדערע מעלאָדיען. וואָס זאָל איך דיר זאָגען, אַז קיין בעסערער קינסטלער געפינט מען נישט אויף דער וועלט. ער פלעגט מיך פשוט פאר׳כשופ׳ען; קורץ, ער איז געוואָרען מיין אידעאַל. איך האָב זיך אַריינגענומען אין געדאנק קויפען אַ גיטאר און ער וועט מיך לערנען שפיעלען און זינגען האָב איך אַביסעל געקענט. ער האָט געזאָגט, אז איך האָב אַ גאנץ גוטע שטימע.

דעם דריטען שבת, ווען ביילקע איז געקומען מיט איהר מוטער און האָבען זיך צוקושט מיט מיין לאָדזשע־מיסעס און מיר געגעבען די האנד, האָבען די צוויי פרויען מיר געגעבען אַ וואונק, אַז איך זאָל זיך מיט איהר צוקושען... ליעבער חבר, דעם קוש וועל איך אויף מיין לעבען נישט פארגעסען. מען האָט אונז קוים צונומען!... איך האָב זי אריינגענומען אין מיין הארצען, אין מיין נשמה, ביז זי וועט לעבען, ביז איך וועל זיין אויף דער וועלט און אויב עס איז דאָ אַ יענע וועלט, וועט זי מיט מיר זיין. און פון גרויס שמחה האָבען זיך די צוויי פרויען נאָכאַמאָל צוקושט.

יענעם שבת זיינען מיר אין ערגעץ נישט געגאנגען. מיר האָבען פאר־בראכט אין דער היים, געזונגען, געפלוידערט, געקנאקט קערלעך און איך האָב געזונגען אַ ראָמאַנס וועלכען מיין טאָוואַרישטש דרוטשין האָט מיך אויסגעלערענט, מיט אזא געפיהל, אז איך האָב זיך אליין פארוואונדערט ווי עס קומט צו מיר. נאָר זייענדיג פארליעבט און אַביסעל בענקענדיג אַהיים, האָט דאָס מיר געגעבען די מעלאנכאָליע.

דאן האָט זי גענומען זינגען אַ רוסישען ליעד ווי אַזוי עלטערען מאכען חתונה אַ טאָכטער פאר אַן אלמן מיט קינדער, וועלכער איז איהר נישט צום

הארצען, מיט אַזוי פיעל געפיהל, מיט אַזאַ זיסער שטימע, אז איך מיט מיין גערעטענער ליעד בין געווען אַ גאַרנישט קעגען איהר. איך שעהם זיך צו זאָגען, זי האָט אַפילו אין געוויסע מאָמענטען געזונגען בעסער פון מיין פריינד.

נאָר מען קען פארשטעהן. אַ קינד לײדעט, דער פאָטער מיט דער מוטער צו׳גט, זי מוז נעבעך זיין אַ ניאנקע אויף איהרע שטיף־קינדער און מוז נאָך ארבייטען אין שטוב און אין קרעמעל און געהן צום טייך מיט הייסע בייגעל און דער פאָטער —אַ בייזער, און קוים וואָס ער מאכט אַ לעבען; די מוטער נעבעך מוז זיין אַ קעכין אין אַ רעסטאָראַן, ארבייט שווער.

איך האָב איהר פארשטאנען. וואָס זאָל איך דיר זאָגען„ אזוי ווי מען זאָגט, אַ שטיין האָט געקענט צוגעהן פון זיסקייט. איך האָב זיך שיער נישט צואויינט, נאָר איך האָב זיך איינגעהאלטען, ווייל עס פאסט נישט פאר אַ חתן־בחור. נאָר מיר האָבען דעם שבת פארבראכט אין הייסעסטער ליעבע און געזאנג; דעם שבת וועל איך שוין קיינמאָל נישט פארגעסען.

## איך פאהר ארבייטען אין א דארף

מאָנטאָג אין דער פריה בשעת איך קום צו דער ארבייט זעה איך ווי נע־בען דער פאַבריק שטעהן פוהרען און מען פאקט אויף זיי אַרבייט און אויך שטעהט אַ וואָגען מיט דריי שעהנע פערד מיט אַ בויד, וועלכע איז געווען אָפען מיט בענק אויף צום זיצען און מיט פארשידענע טשעמאָדאַנעס. איך געה אַריין אין פאבריק, לאָזט מען מיר וויסען, אַז מען פאָהרט אין אַ דאָרף אויף אַ פיטמענט און איך בין אויך פאררעכענט אין דעם סעט. עס הייסט אַן ארטעל.

און חברה אין פאבריק הוליען שוין. מען טרינקט שוין בראנפען און מיין טאָוואַריש דרוטשין שפיעלט שוין אויפ׳ן גיטאר און אַ סטאָליער, וואָס פלעגט זעהר שעהן שפיעלען אויף דער הארמאָניקע, איז שוין אויך דאָ און מען לאָזט זיך וואוילגעהן. מען לאָזט מיר וויסען, אַז די ארבייט וועט געדויערען נאָהענט פון דריי מאָנאַט. עס ווערט מיר שלעכט! וואָס טהוט מען? ווי קען איך עס זאָגען ביילקען און ווי קען איך זי יעצט איבערלאָזען און נישט זעהן פאַר דריי מאָנאַטען? און דאָ ווילט זיך מיר אַזוי פאָהרען! אַ קלייניגקייט, זומער אין דאָרף?! און עס פאָהרט מיין פריינד מיט דער גיטאר און דער סטאָליער מיט זיין האַרמאָניקע!...

אַ סעט באשטעהט אויף אַ גרעסערע אַרבייט פון צוועלף מענשען: עס זיינען געווען צוויי שניצערס, דריי גילטערס, צוויי מאהלערס, עס הייסט כודאזשניקעס, דריי סטאָליערס און אַ פאָרמאַן און אויך אַ לערען־אינגעל.

איך בין געבליבען אין אַ פארצווייפעלטע לאגע. מען האָט מיר געהייסען ברענגען מיינע זאכען. שלעכט, פאַרפאַלען! פרנסה... וואָס האָב איך געקענט טהון?

איך בין אוועק אויף מיין קווארטיר, געלאָזען וויסען מיין באַלעבאָסטע וואָס ס'האָט פּאַסירט און איהר געבעטען, אז זי זאָל בעטען ביילקע'ן, אז זי זאָל אויף מיר קיין פאראיבעל נישט האָבען, ווייל איך האָב זיך נישט געקענט העלפען; איך וויל איהר באַצאָהלען פאר דער קווארטיר פאר די דריי מאָנאַטען, וואָס איך וועל דאָ נישט זיין, כדי זי זאָל מיין בעט נישט פארדינגען. זי וויל ביי מיר קיין געלד נישט נעהמען און זאָגט מיר, ווען מען גילט איהר אָב וועט זי די לאָדזשע נישט פארדינגען ביז איך וועל בשלום קומען צוריק. און וועגען ביילקע'ן זאָל איך זיך נישט זאָרגען, זי וועט שוין זעהן, אז אלעס וועט זיין גוט און זי גיט מיר מיינע זאכען און גיט מיר פארשידענע שפּייז אויפ'ן וועג און וויל מיר העלפען טראָגען מיין טשעמאָדאַן. נאַטירליך איך האָב נישט געלאָזען. איך וויל איהר געבען דריי רובעל, זיי זאָלען שבת געהן אין טהעאַ־טער, אָבער זי האָט נישט גענומען! זי האָט מיך באגלייט צום פאַבריק, גע־וואַרט ביז די פוהרען וועלען אַוועקפאָהרען. איך האָב איהר געזאָגט, אַז זי וועט זיין שפּעט צום קצב, זאָגט זי, אז מאָנטאָג איז נישט זעהר ביזי. מיר האָבען זיך צוקושט און איך בין אריין אין פאַבריק וואו מען האָט מיר אַריינגעגאָסען אַ טהיי־גלאָז בראָנפען און מען האָט מיך אַריינגעשלעפּט אין קאַן און איך בין געוואָרען אַן אנדערער מענש. וויסט דאָך, אז קיין אומעדיגער בין איך נישט געוועזען און זיי זיינען פון מיר געוועזען צופרידען.

אַ זייגער עלף האָבען מיר זיך צוזעצט אויפ'ן וואָגען, וועלכער איז געוועזען מיט די דריי פערד און מען האָט מיטגענומען גענוג בראָנפען. דאָס איז געוועזען ביי זיי די הויפּט זאך. און גענוג צום פארבייסען, ווייל די רייזע האָט גענומען נאָהענט פון אכט שעה. מיין פריינד מיט זיין גיטאר און דער סטאָליער מיט זיין האַרמאָניקע, וועלכער איז אויך געוועזען זעהר אַ גוטער שפּיעלער, און זינ־גען האָבען מיר אלע געקאָנט, ווער בעסער ווער ערגער, נאָר טאָוואַרישטש דרוטשין האָט שוין אכטונג געגעבען, אז עס זאָל הארמאָנירען; געוועזען אַ גרויסער בריה אויף איינצושטעלען אַ קווייער.

דער טאָג איז געוועזען זעהר שעהן. ס'איז געוועזען אין מיטען יולי. די פערד־לעך לויפען און מיר מאכען לחיים און מען שפּיעלט און מען זינגט און די פערדלעך קלאַפּען צו צום טאקט. וואָס זאָל איך דיר זאָגען דאָס איז געוועזען שוין איינמאָל אַ רייזע. עס וואָלט מיר נישט געאַרט ווען עס געדויערט צוויי מאָל אַזוי פיעל. נאָר עס האָט מיך זעהר פארדראָסען וואָס ביילקע איז דאָ ניטאָ לעבען מיר. זי וואָלט עס זעהר געגליכען, נאָר וואָס קען מען טהון? פרנסה!... נישט געדאכט זאָל עס ווערען.

פּונקט זיבען אַזייגער זיינען מיר אָנגעקומען אין דאָרף. עס זיינען אונז געקומען אנטקעגען אַ פּיין ביסעל פּויערים מיט פּויערטעס, יונגע און אלטע, און אַ היבש ביסעל קליינוואָרג, וועלכע זיינען נאָכגעלאָפען נאָך די פוהרען מיט זייערע הינד און אונז מבקבל פּנים געוועזען מיט גרויסע בינטלעך בלומען און מיט געזאנג. מיר זיינען פארפאָהרען צום רייכסטען פּויער, וועלכער איז

געווען דער גבאי. ער האָט געטראָגען אַ מעדאַל אלס צייכען און מיט איהם איז געווען דער שרייבער פון דאָרף. פון וואַנען ווייס איך, אַז ער איז דער שרייבער? ווייל ער האָט געטראָגען שמאָלע הויזען מיט אַ צוקוועטשטען קאַפּעליוש און מיט אַ פּען הינטער׳ן אויער. איך האָב קיין טעות נישט געהאַט. די פוהרען מיט דער ארבייט, וואָס זיינען אויך באלד אָנגעפאָהרען, זיינען אַוועק צום קלויסטער, אַוועקשטעלען די אַרבייט.

מיר זיינען אריין אין שטוב, וועלכע האָט אויסגעקוקט עהנליך צו דער הויז, וואו איך בין געווען אין דער לאָדזשע, געמאכט פון דעם זעלבען מאַטעריאל. אויך זעהר ווייס, נאָר זעהר אַ גרויסע.

מיר זיינען אריין אין אַ געוויסען צימער, וואו עס איז געשטאנען פעסער וואסער און הילצערנע כלים מיט זעהר גרויסע האנדטוכער. מען האָט זיך ארומגעוואשען און מען איז אריין אין עס־צימער, וואו חברה האָבען זיך צוזעצט און מען האָט זיי דערלאנגט אַ אוקריינער באָרשט וואָס האָט זעהר גוט געשמעקט. נאָר איך האָב געגעסען וואָס מיין באלעבאָסטע האָט מיר מיטגעגעבען. נאָר אזוינע קרעפּלעך מיט קעז, געפּרעגעלט אין פּוטער און באגאָסען מיט סמעטענע, דאָס האָב איך יאָ געגעסען. מען האָט געגעבען יעדערען אַ פלאץ וואו צו שלאָפען און אָן אָרט אוועקצושטעלען זייערע זאכען.

פּיער זיינען געבליבען שלאָפען ביים זעלבען פּויער, די איבעריגע האָט מען צוטיילט אין אנדערע הייזער. איך האָב מיך אָנגעדונגען ביים ישוב׳ניק פון דאָרף מיט עסען, ווייל זיי אלע האָבען געגעסען ביים פּויער. מען האָט מיר דערפאַר דערלויבט צוויי רובעל אַ וואָך מיט וואָס דער ישובניק איז געווען העכסט צופרידען. געווען זעהר וואוילע מענשען, געהאט אַ טאָכטער זעהר אַ גראָבע פון אַ יאָהר זעכצעהן, איז זי אַרומגעגאנגען אַרום מיר, זי וואָלט מיר אָבגעגעבען אלץ וואָס איהרע עלטערען האָבען געהאט אבי איך זאָל מיט איהר פארברענגען, נאָר איך האָב בעסער געוואָלט פארברענגען מיט די חברה. ווייל מען פלעגט דאָרט זינגען און שפּיעלען און אמאָל טאנצען אויך. מיין פריינד האָט איינגעריכט אַ קווייער. ער האָט צוגעצויגען יונגע פּויערטעס מיט זעהר גוטע שטימען. די יונגע פּויערים האָט ער נישט געקענט צוציהען, ווייל זיי זיינען געווען זעהר שעהמעוודיגע. וואָס זאָל איך דיר זאָגען, דאָס איז געווען אַ קווייער וואָס האָט געמעגט זינגען אין דער שעהנסטער אָפּערע.

זינגען פלעגען מיר נאָר פארנאכט נעבען אַ וואלד, וואָס דאָרט איז אויך געלאָפען אַ קליינער וואַסער־פאַל.

נאָר דאָ וועל איך דיר דערצעהלען אַ שעהנע זאך.

אויף צו לעהגען גאָלד דארף מען בראנפען. האָט מען געלאָזט וויסען דעם פּויער, אַז מען דארף בראנפען און נישט קיין פראָסטען. האָט דער שרייבער אָנגעשריבען אַ צעטעל און דער פּויער האָט געמאכט אַ צלם און דער לעהרען־יונג איז אוועק אין דער מאנאפּאל און געבראכט אַן עמער בראנפען, וואָס מען

האָט תיכף אויסגעטרונקען. נאָכמיטאָג לאָזט מען וויסען דעם פּויער, אַז עס פעהלט אויס בראָנפען.

אָט ווי פּויעריש ער איז געווען, פונדעסטוועגען האָט זיך איהם נישט געגלויבט, אז מען זאָל אזוי גיך אויסנוצען אן עמער בראָנפען. נעהמט ער מיט זיך דעם שרייבער און זיי קומען ביידע זעהן וואָס מען האָט געטהון מיט די בראנפען. איז אונזער עלטסטער, וועלכער האָט שוין געהאט גענוג ערפאהרונג, איהם געוויזען מלאכים, איקאנעס און נאָך פארשידענע שניצונגען, וואָס איז אפשר געגילט געוואָרען אין פאַבריק מיט צוויי יאָהר צוריק, און זאָגט איהם אַז דאָס האָט מען היינט געגילט. זיי גלויבען יאָ, זיי גלויבען נישט, און צווייפלען נאָר. זיי קענען זיך נישט העלפען און ווייטער איז קהל׳שע געלד...

דער שרייבער שרייבט אויס ווייטער אַ צעטעל און דער עלטסטער מאַכט אַ צלם און דער לעהרען־אינגעל ברענגט נאָך איין עמער בראָנפען און די גילטערס גיסען אָן אין זייערע כלים און הויבען אָן לייגען די גאָלד, וועלכע איז די בעסטע, נאָר זעהר דינע בלעטלעך; נאָך דינער פון סיגארעט־פּייפּער.

זיי ביידע קוקען זיך איין וואָס מען האָט צו טהון מיט׳ן בראָנפען. זיי ווייסען, אַז בראנפען מוז מען נאָר טרינקען...

עס הויבט אָן ביי זיי רינען פון מויל. ווייסט דאָך, ווי לאנג קען אַ איד שטעהן גלייכגילטיג און זעהן ווי יענער עסט הערינג אָדער זויערע אוגערקעס?

דער פּויער מיט׳ן שרייבער, וועלכער איז אַ שיכור, הויבען זיך אָן קראַצען אין קאָפּ און געהן אַוועק זיך סוד׳ען. אונזער עלטסטער, פון זיין ערפאַהרונג, האָט שוין געזעהן, אַז עס געהט און לאָזט אונז וויסען מיט אַ וואונק.

דער פּויער מיט׳ן שרייבער קומען צוריק און פרעגען ביים עלטסטען צי מען קען זיך אויף אונז פארלאָזען, אַז מען וועט קיינעם נישט דערצעהלען וועט ער אונז לאָזען האָבען צוביסלעך. געוועהנליך פארזיכערט איהם דער עלטסטער, אַז אפילו קיין האָן וועט נישט אַ קרעה טהון.

נאָך אַזאַ פארזיכערונג הייסט ער אונז נעהמען צו ביסלעך און נאַטירליך, ער מיט׳ן שרייבער אויך און מען ווערט שוין גאָר אנדערע מענשען און דער פּויער שיקט אַוועק דעם לעהרען־אינגעל צו זיין באָבע, אַז זי זאָל שיקען עפּעס אויף צום פארבייסען און מיין חבר דרוטשיך נעהמט זיין גיטאר און הויבט אָן שפּיעלען וואָס דעם פּויער געפעלט דאָס זעהר און מען לאָזט זיך וואוילגעהן און אַזוי האָט מען געארבייט נאָהענט פון דריי חדשים. אַלע טאָג אויסגעטרונקען צוויי עמער בראנפען און איינמאָל אז דער פּויער איז געוואָרען גאָר פרעהליך פלעגט ער שיקען נאָך אַן עמער פאר זיינע אייגענע געלד, וואָס עס האָט איהם נישט געפעהלט.

די ארבייט, וואָס מען האָט געקענט מאכען אין פינף וואָכען האָט געדויערט דריי מאָנאַטען. ווען אלעס אויף די פעלדער איז געוואָרען פארטיג, האָט מען געוואוסט, אז מען דארף שוין פאָהרען אַהיים. די וויינטרויבען, די קאווענעס מיט די דיניעס מיט אלע פרוכטען, וואָס דאָרט זיינען זיי זעהר

געראָטען, האָבען געבלישטשעט אין די זונען־שטראהלען. עסען האָט מען גע־קענט וויפיעל מען האָט נאָר געוואָלט. וואָס זאָל איך דיר זאָגען, אַזאַ צייט וועל איך שוין קיינמאָל נישט האָבען. מיר זענען געקומען צוריק אין שטאָדט אויס־געפּאשעט, פריש, אזוי ווי פלוימען ערשט פון בוים.

## צוריק נאך יעקאטערינאסלאוו

איך, זייענדיג אין דאָרף, בענקענדיג נאָך מייןביילקען וואָס זי איז געווען די איינציגע וואָס עס האָט מיר דאן געפעהלט צו מיין גרויסען פארגעניגען, האָב איך פארפאסט אַ ליעד געווידמעט צו איהר, מיט׳ן נאָמען „מיין טייערע“.

גערענקסטו, מיין טייערע, ביים דניעפּער דעם לויפענדען,
ווען מיר האָבען זיך צום ערשטען דערקענט;

2 מאָל } געדענקסטו אין שטאָדט־גאָרטען ביי דער סצענע דער אָפענער,
ווען מיר האָבען זיך געהאלטען די הענד?

איך געדענק אויך, מיין טייערע, דיינע אויגען די הימלישע,
פאַר׳חלומ׳ט אין אַ טרויער געדאנק;

2 מאָל } איך געדענק אויך, מיין ליבענדע דיין שטימע די קלינגענדע,
איינגעהאלטען אין אַ שטילען געזאנג!

געדענקסטו מיין טייערע אין טהעאַטער דעם אידישען,
וואו מיר האָבען זעהר הערצליך געלאכט;

2 מאָל } און דו האָסט זיך דאן פאר דיין פּאָטער געשראָקען,
צו קומען אַהיים שפּעט אין דער נאכט?

געדענקסטו מיין טייערע דעם שבת דעם דריטען,
ווען מיר האָבען זיך צום ערשטען צוקושט;

2 מאָל } פון דאַן אָן מיין לעבען, קען איך אַליין נישט זיין,
נאָר מוז זיין נעבען דיר וואו דו ביסט!

דאָס איז די מוזיק פאַר דעם ליעד.




איך בין זעהר צופרידען פון דער ליעד. כ׳האָב צוגעפּאסט אַ רוסישע מעלאָדיע און מיין פריינד, דער כודאזשניק, האָט מיך אויסגעלערענט זיך באַגלייטען אויפ׳ן גיטאר און איך פיהל זיך גליקליך. ער האָט מיר פארשפּראָכען, אז באלד ווי מיר וועלען קומען אין שטאָדט, וועט ער מיט מיר געהן קויפען אַ גיטאר און וועט מיך תיכף לערנען שפּיעלען. איך האָב איהם דערצעהלט פון דער אייראָפּייאישער באָד, וואו איך האָב געהאט גרויס פארגעניגען, ווייל דאָרט איז ער נאָך נישט געווען. איך בעט איהם, אז באלד ווי מיר וועלען אָנקומען אין שטאָדט, זאָל ער מיר טהון די געפעליגקייט און מיט מיר געהן אין באָד און זאָל מיך לאָזען באצאָהלען פאר אלע אויסגאבען, וואָס דאָס וועט פאר מיר זיין אַ גרויסער כבוד און פארגעניגען. ער האָט צוגעשטימט; מיר האָבען באשלאָסען אז אויפ׳ן וועג וועלען מיר קויפען די גיטאר.

איך האָב דערווייל איינגעקויפט מתנות פאר מיין באַלעבאָסטע און נאַטירליך אויך פאר מיין ביילקען און אויך עפּעס פאר איהר מוטער. די צוויי פרויען האָב איך געקויפט צו צוויי אויסגענעהטע האנדטיכער, וואָס די פּויערים מאכען אליין. און פאר ביילקען — אַן אויסגענעהטע בלוזקע און האָב באַשלאָסען איהר אויך צו קויפען אַ פּאָר גאָלדענע אויערינגלעך באלד ווי איך וועל אָנקומען אין שטאָדט.

מיר האָבען זיך געזעגענט מיט אלע פּויערים, וואָס זיי האָט זעהר פארדראָסען וואָס מיר פאָהרען אוועק און דער גבאי, איך מיין דער עלטסטער, האָט געזאָגט, אַז מיר האָבען צו שנעל געענדיגט די ארבייט. דער שרייבער האָט פּשוט געוויינט מיט ביטערע טרעהרען און געזאָגט, אַז אזא צייט האָט

ער קיינמאָל נישט געהאַט און וועט נישט האָבען. איך האָב איהם נעבעך גע־גלויבט. מיר האָבען זיך צוקושט מיט אַלע פויערים און פויערטעס וועלכע האָבען אונז געברענגט מתנות. מיינע אלע חברים האָבען געקראָגען אודאי צו האלבע דבר־אחר׳ס און נאָך פארשידענע שפייז. איך האָב אַליין אָבגעשניטען דעם גרעסטען קאַוועגע און אַ גרויסע דיניע און דריי גרויסע בינטלעך וויין־טרויבען און די פויערטע האָט מיר געגעבען דריי צעהנדליג אייער און קעז און פוטער, און זי האָט מיר געוואָלט געבען נאָך, אָבער איך האָב שוין נישט געוואָלט נעהמען.

נאַטירליך, ביים אָבפאָהרען, האָט מען געמאַכט אַ גוטען שנאַפּס, ווי עס באַדאַרף צו זיין. איך האָב אויך געמאַכט אַ שנאַפּס, אָבער נישט ווי מיינע חברים. זיי האָבען געקענט און זאָל זיי זיין צום געזונד! געווען זעהר בראווע לייט, איבערהויפּט מיין חבר דרוטשין.

פרייטאָג, צוועלף אַזייגער, זיינען מיר געקומען אין שטאָדט. פאַרפאָהרען גלייך אין פאבריק. חברה האָבען זיך גענומען צום הוליען, נאָר איך און מיין פריינד האָבען זיך ארויסגעגנב׳עט, אַזוי ווי איך האָב מיט איהם אָבגערעדט און ער האָט געהאלטען וואָרט.

מיר זיינען אוועק אין דער אייראָפּייאישער באָד. אויפ׳ן וועג האָבען מיר געקויפט אַ גיטאַר פאַר זעקס רובעל און זעהר גוט פאַרבראַכט אין באָד, פון וואָס מיין פריינד האָט זיך גאָרנישט געקענט אָבלויבען, ווייל דורך דער צייט, זייענדיג אין דאָרף, האָבען מיר דאָס טאַקע זעהר נויטיג באַדאַרפט.

נאָכ׳ן באָד זיינען מיר בײדע אַריין אין אַ שענק, געטרונקען זעהר גוטע ביער און פאַרביסען מיט מחיה׳דיגע פאַרבייסענס. מיין פריינד איז געווען העכסט צופרידען און מיר הערצליך באַדאַנקט פאַר דעם גרויסען פאַרגעניגען וואָס איך האָב איהם פאַרשאַפט. נאָכהער זיינען מיר צוריק אַוועק אין פאַבריק וואו חברה האָבען נאָך געהוליעט.

פריינד דורטשין האָט זיי געוויזען מיין גיטאַר און אויך אַביסעל גע־שפּיעלט אויף איהר און געזאָגט, אַז זי האָט זעהר אַ פיינעם טאָן. איך האָב גענומען מיין טשעמאָדאַן און מיין גיטאַר און דער לעהרען־אינגעל האָט מיר געהאָלפען טראָגען די איבעריגע זאכען, צוליעב וואָס ער האָט געמוזט געהן צוויי מאָל.

געקומען בשלום אויף מיין קוואַרטיר; מיין באַלעבאָסטע האָט מיך אַרומגעאַכפּט קושען, פונקט ווי איך וואָלט געווען איהר אייגענער זוהן. איך גיב איהר איבער אלע מתנות און וויז איהר ביילקע׳ס בלוזקע און בעט איהר אַז זי זאָל מיט מיר געהן קויפען פאַר ביילקע׳ן גאָלדענע אויערינגלעך. זאָגט זי, אַז דערווייל איז דער פּרעזענט זעהר גוט און באַדאַנקט מיר פאַר אלעס. זי זאָגט מיר: אם ירצה השם, חנוכה, וועסטו איהר קויפען וואָס דו וועסט וועלען. דערווייל האָסטו זיך אַפילו נאָך נישט אָנגעוואַרעמט״.

איך דערצעהל איהר פון דער גוטער צייט וואָס איך האָב געהאט, נאָר ביילקע האָט מיר געפעהלט. זי זאָגט מיר, אַז זי האָט זעהר געבענקט נאָך מיר און זי האָט זי געמוזט טרייסטען. איך האָב איהר אויך געוויזען דעם פּרעזענט פאר איהר מוטער. זאָגט זי, אַז איהר מוטער האָט גאָרנישט אויפגעהערט צו רעדען וועגען מיר און מיך גערופען איהר „שעהנער איידעם". קורץ, איך בין גליקליך.

איך בין אוועק אין שוהל און גראדע געדאווענט מיט גרויס כוונה, גע־דאנקט גאָט פאר אלעס וואָס ער טהוט מיט מיר, פון מיין טיעפען האַרצען.

געקומען פון שוהל זיינען שוין די אַנדערע באָרדערס געווען. מיר האָ־בען זיך ארומגעכאפּט, איך האָב זיי אלעס דערצעהלט און זיי געוויזען מיין גיטאר. זאָגען זיי, אַז זיי האָבען זי שוין געזעהן, ווייל די באלעבאָסטע האָט זיי דאָס געוויזען. איך וויל זיי ווייזען ווי איך שפּיעל, אָבער עס איז שוין געווען שבת. מיר זיינען געגאנגען עסען.

ביים טיש האָב איך זיי געזונגען מיין ליעד און זיי האָבען מיר פּארזי־כערט אז זי איז זעהר גוט. זיי האָבען שוין אַביסעל פארשטאנען אז איך בין פארליעבט אין ביילקע'ן, נאָר נישט אזוי ערענסט.

נאָכ'ן עסען האָבען מיר צושניטען די דיניע וואָס איך האָב געבראַכט פון דאָרף און אויך געגעסען פון אַ בינטעל וויינטרויבען און איך האָב זיי דער־צעהלט פון די אומזיסטע בראָנפען און אלע פּאסירונגען און מען איז געגאנגען שלאָפען.

חלומ'ט זיך מיר, אז איך בין געוואָרען אַ גרויסער שפּיעלער, וואָס מיין פריינד האָט מיך אויסגעלערענט און האָט מיר געזאָגט, אז איך שפּיעל אזוי גוט ווי ער. און איך און ביילקע געבען א קאָנצערט אין גובערנאַטאָר'ס זאַאַל און די גאנצע פאַבריק זיינען דאָ און מיין פאַמיליע צוזאַמען מיט מיין באַלעבאָסטע און די אלע באָרדערס ווי אויך ביילקע'ס מוטער. נאָר איהר פאָטער לאָזט מען נישט אַריין, ווייל מיין באַלעבאָבטע הייסט נישט. און איך הער זיך איין און מאך אַ שווייג.

עס האָט זיך מיר גע'חלומ'ט נאָך פארשידענע חלומות, וועלכע איך קאָן נישט געדענקען. אין דער פריה האָט מען מיך געדארפט וועקען. כ'בין אויפ־געשטאנען, געהאט גוטע קאווע מיט היימישע, געשמאקע פלעצלעך. איך האָב זיך אביסעל צוגעפוצט און בין אוועק אין דער גרויסער שוהל.

אַהיים געהענדיג פון שוהל האָב איך זיך געקויפט אַ פלעשעל בראָנפען, ווייל זייענדיג אין דאָרף האָב איך זיך שוין צוגעוואוינט צו נעהמען אַביסעל און אויך געגעבען די באָרדערס צו ביסלעך. דעם אמת געזאָגט, האָב איך פשוט געוואָלט מאכען אַ לחיים כדי עס זאָל מיר געבען מעהר מוטה, ווייל איך בין געווען אַביסעל אַ שעהמעוודיגער.

ווידער האָט מען מיר געגעבען די עהרע צו מאכען קידוש און טאקע אויף

בראָנפען. אַלע האָבען געמאַכט לחיים און מען לאָזט זיך וואוילגעהן. און איך דערצעהל זיי פון מיין חלום און זיי לאַכען.

אָבגעבענשט, געוועהנליך מיט מזומן און מיין באַלעבאָסטע האָט אָנגע־קוואָלען און מיט אַ שפּאַס האָט זי משלח געווען די צוויי באָרדערס, ווייל זי האָט געוואוסט, אז באלד וועט קומעןביילקע מיט איהר מוטער און אין זייער געגענוואַרט וועל איך זיך שעהמען צו קושען מיט ביילקען. זיי זיינען טאַקע אַוועק און איך בין רוהיגער געוואָרען, גענומען שטילערהייד נאָך אַביסעלע בראָנפען, עס זאָל מיר צוגעבען מוט...

פונקט צוויי אַזייגער זיינען זיי געקומען. געוועהנליך מיר האָבען זיך צו־קושט. איך גיב איהר דעם פּרעזענט פאַר וועלכען איך באַקום נאָך אַ.קוש, און נישט קענענדיג זיך באהערשען, אזא נאַטור האָב איך, האָב איך עפּעס פאַר־טראַכט מוז איך עס גלייך אויספּיהרען; איך זאָג איהר, אַז דעם צווייטען שבת וועל איך איהר קויפען גאָלדענע אויערינגלעך. דערהערענדיג דאָס גיט זי מיר אַזאַ זיסען קוש, וואָס ניט נאָר גאָלדענע נאָר בריליאַנטענע וואָלט געווען ווייניג פאַר דעם. איהר מוטער איז אויך געווען זעהר צופרידען מיט דער מתנה, האָט מיר אויך געגעבען אַ קוש און מיך גערופען „מיין שעהנער איי־דעם!"

איך דערצעהל זיי פון מיין חלום און זיי לאכען. איך וויין איהר מיין גיטאַר און דערצעהל איהר פון דעם קינסטלער וואָס וועט מיך לערנען שפּיעלען איך זאָג איהר אַז אַביסעל קען איך שוין, נאָר אַזוי ווי עס איז יעצט שבת, טאָר מען נישט שפּיעלען.

איך זינג איהר מיין ליעד וועלכעס איך האָב פאַרפאַסט, ווייל זי ניט גלויבען אז איך האָב עס אַליין אָנגעשריבען. אָבער איך שווער זיך ביי אונזער הייליגער ליעבע און זי גלויבט מיר. איך לערען איהר די ליעד און עס גע־פעלט איהר. איך באַקום פון איהר נאָך אַ קוש אויף וועלכען איך האָב תיכף אָבגעענטפערט און פון גרויס התפעלות צוקושען זיך אויך די ווייבער.

מען צושניידט די גרויסע קאָווענע און עסען אויך וויינטרויבען און איך דערצעהל פון די גוטע צייט וואָס איך האָב געהאַט אין דאָרף. נאָר זי, בייל־קע, האָט מיר געפּעהלט און זי זאָגט הלואי וואָלט זי דאָרט געווען! מיר זיינען דעם שבת ערגעץ נישט געגאַנגען, פאַרבראַכט אין שטוב: געפּלוידערט, גע־זונגען, געטרונקען טהיי. אין אָוונד האָב איך זי באַגלייט אַהיים און מיר האָבען זיך געשמאַק צוקושט.

אָט אַזוי האָבען מיר ביידע פאַרבראַכט איבער אַ יאָהר צייט. געגאַנגען אלע שבת אין אידישען טהעאַטער, געוועהנליך מאַטינע. זומער פלעגען מיר געהן אין שטאָדט־גאָרטען און אַמאָל נעהעמען אַ שיפעל אויף׳ן דניעפּער. אַמאָל פלעגען מיר געהן אַליין, און פיעל מאָל אויך מיטנעהמען די צוויי פרויען, וואָס זיי זיינען פון דעם געווען זעהר צופרידען; זיך גאָרנישט געקענט גענוג אָבדאנקען פאַר דער גוטער צייט וואָס איך פלעג זיי געבען.

פיעל מאָל פלעגט איהר מוטער קומען פרייטאָג צו נאַכטס און פלעגט דאָרט בלייבען שלאָפען און טאקע אויפ׳ן באנק אין קיך וואו איך האָב זיך איינגעוואָשען. פלעגט זי ביינאַכט צוגעהן צו מיר און פלעגט מיך צודריקען צו איהר הארצען און פלעגט מיך קושען און זאָגען: „מיין שעהנער איידעם, שלאָף געזונד!״

פיעל מאָל פלעג איך נישט שלאָפען, פלעג זיך מאכען שלאָפענדיג. פיעל מאָל ווינטער פלעג איך דערפרוירען ווערען, ארומגעהן נעבען קרעמעל, פיליכט וועל איך קענען זי זעהן אינעווייניג און וועל קענען אַריינגעהן מיט אַ תירוץ, כלומרשט צו קויפען פאפיראָסען. זומער פלעג איך אויפשטעהן גאנץ פריה און געהן נעבען טייך, אפשר וועל איך זי קענען זעהן.

נאָר זינט מיר האָבען זיך אָנגעהויבען ליעבען, איז זי שוין נעבען טייך נישט געגאנגען. זי פלעגט אין דער צייט געבען די קינדער עסען און איהר שטיף־מוטער פלעגט געהן נעבען טייך מיט די הייסע בייגעל.

איך האָב זיך יענעם זומער אַרויסגעדרעהט צו פאָהרען אויף אַ פיטמענט. ווייל איך האָב שוין אָהן איהר נישט געקענט זיין. דורכ׳ן ווינטער האָט מיך מיין פריינד אויסגעלערענט צו באַגלייטען בשעת איך זינג, אויפ׳ן גיטאַר. איך פלעג זינגען מיין אייגענע ליעד און אויך איהר ליעד וואָס זי פלעגט זינגען און נאָך פארשיעדענע ליעדער.

איך פלעג אַמאָל אַ שבת ארויסגנב׳ענען מיין גיטאר, אז די באלעבאָסטע זאָל נישט זעהן און מיר פלעגען אוועקגעהן אין פאטיאמקינ׳ס סאָד און דאָרט פלעגען מיר נעהמען אַ שיפעל און אַוועקשיפען זיך נעבען אַ וועלדעל און פלעגען זינגען און איך פלעג באגלייטען אויפ׳ן גיטאר. וואָס זאָל איך דיר זאָגען, מיר האָבען פארבראכט איבער פערצעהן מאָנאַט אין אַ הייליגער ליעבע. איך פלעג קוים דערלעבען דעם שבת כדי איך זאָל זיין נעבען איהר.

## איך פאהר ארבייטען אין א מאנאסטיר

דעם צווייטען זומער האָב איך שוין נישט געקענט זיך אויסדרעהען און מען שיקט מיך אַוועק מיט אַ סעט אין אַ קליין שטעדטעל נעבען קיעוו אין אַ מע־נער־מאָנאַסטיר און מיין פריינד דעם קינסטלער אויך, וועלכער האָט זעהר נישט געוואָלט פאָהרען און איך האָב נישט פארשטאנען פארוואָס, ווייל אלע־מאָל איז ער געווען דער ערשטער צום פאָהרען.

נאָר ווען איך בין געקומען אויפ׳ן פלאץ האָב איך אויסגעפונען פאַרוואָס און ער איז טאקע געווען גערעכט: די ארבייט איז געווען פון דעמבענע האָלץ, וואָס מען האָט נישט געדארפט גילטען; עס איז געווען אין גאָטישען סטיל. מען האָט עס געוואקסט און עס איז נישט געווען קיין קהל׳שע בראָנפען. מען האָט שוין נעבעך אַליין געמוזט צאָהלען פאַר יעדער פלעשעל. און עס זיינען געווען זעהר פיעל נאָכקוקערס און מען האָט שוין געמוזט אַרבייטען

אויך, ווייל די מאָנאַכען, נישט האָבענדיג פיעל צו טהון, פלעגען קומען קוקען ווי מיר ארבייטען; דערצו נאָך איז די האָלץ געווען הארט. איצט האָב איך פארשטאנען פארוואָס מיין פריינד דרוטשין האָט נישט געהאט קיין חשק צו פאָהרען און ער איז נעבעך געווען גערעכט...

נאָר ווי זאָגט מען: גאָט שיקט צו אַ שפּינער זיין לוין און אַ טרינקער — זיין ווייַן... חברה האָבען זיך געגעבען אַן עצה; חלילה נישט טרינקען, קען מען דאָך צופאלען ווערען. האָבען זיי געדונגען אַ קווארטיר אין אַ געוועזענעם שענק וואו דאַרטען פלעגט מען פארקויפען בראָנפען, שטילערהייד, נאָר וויפיעל איהר האָט געוואָלט. איך האָב געדונגען אַ קווארטיר ביים שוחט פון שטעדטעל וועלכער פלעגט אויך שרייבען בריעף צו מיינע עלטערען און מיך פארלויבען, פון וואָס איך בין געווען זעהר צופרידען. איך פלעג זיי גאַנץ אָפט שיקען געלד און קריגען פון זיי גוטע בריעף. נאָר פון מיין ליעבע האָב איך זיי קיינמאָל נישט געשריבען.

ווען כ׳פלעג זיך אָבאַרבייטען פלעג איך געהן אויף מיין קווארטיר אָבעסען מיין אָבענד־ברויט און אַוועקגעהן צו מיינע חברה וואָס דאָרט איז געווען פרעהליך. מען האָט געשפּיעלט אויפ׳ן גיטאר. איך האָב מיין גיטאר אויך מיטגענומען און דער סטאָליער, וועלכער שפּיעלט די האַרמאָניקע, איז אויך מיט אונז געווען און מען פלעגט זיך לאָזען וואוילגעהן. בראָנפען האָט נישט געפעהלט. מען האָט נעבעך געמוזט אַליין באצאָהלען, נו, ווייטער א דאגה, צו וואָסאָ באדארף מען דען געלד אויב נישט אויף בראָנפען?... און חברה הוליען.

## איך ווער א משפּט׳ער

מאַכט זיך אַמאָל אזא מעשה: חברה האָבען גענומען אָביסעלע צו פיעל בראָנפען און צוויי לאנדסלייט, טאקע פון דער אוקריינע, צוקריגען זיך און מען צושלאָגט זיך. חברה האָבען ניט ליעב קיין ברוגז, הויבען זיי אָן איינרעדען, אז זיי זאָלען זיך צומירען, עס הייסט, זיי זאָלען זיך איבערבעטען.

נו, ווען קלויבט מען אויס פאר אַ משפּט׳ער? מיך! פּיידיאם דא מארקוסא. או ניעווא יעוורעיסקאיא הלאווא! (ס׳הייסט, מען וועט געהן צו מיר. איך האָב אַ אידישען קאָפּ און איך וועל זיי צומירען; עס הייסט, מאַכען שלום. נו, פארפאלען; אויב איך מוז שוין יאָ ווערען אַ משפּט׳ער, איז דאָך, ווי מען זאָגט, ניטשעווא גאווארית, איז דאָך נישטאָ וואָס צו רעדען.

איך האָב אָנגעשטעלט אַ סעריאזנעם פּנים און פרעג ווי אזוי איז עס געשעהן. רופט זיך אָן איינער פון זיי: ער האָט מיך גערופען ממזר און שפּעטער האָב איך אויסגעפונען, אז עס איז טאקע געווען אן אמת״. פרעג איך: „וואָס האָסטו געטהון?״ ענטפערט ער: „איך האָב איהם דערלאנגט אין מאָרדע״. ווי זאָגט דער הייליגער פאניע — זא פּראוודו ביוט; עס הייסט,

פאר׳ן אמת קריגט מען געשלאָגען. זאָג איך: „וואָס איז געווען ווייטער?״ ענטפערט ער: „אַזוי ווי איך האָב איהם געגעבען אַ זעץ איז ער געפאַלען. הויבט ער זיך אויף און גיט מיר אַזאַ זעץ אין די צייהן און קלאַפּט מיר אויס אַ צאָהן״... און ווייזט מיר דעם צאָהן. „נו, און וואָס ווייטער?״ פרעג איך. „איך בין געוואָרען זעהר אין כעס און האָב איהם דערלאנגט אזא זעץ, אַז ער האָט זיך קוים אויפגעהויבען, און מעהר האָבען די חברה זיך נישט געלאָזט שלאָגען״.

איך האָב אָנגעהויבען קנייטשען דעם שטערען און ארויסגעבען מיין משפט: „אַזוי ווי דו האָסט איהם געגעבען צוויי קלעפּ און ער דיר איין קלאַפּ, זאָלסטו געבען צוויי פלאַש בראָנפען און ער איין פלאש, און זאָל זיין שלום!״

וואָס זאָל איך דיר זאָגען, מען האָט אויפגענומען דעם משפט מיט אזא הורא און מיט אזא בראוואָ, אז שלמה־המלך מיט זיינע משפטים איז געווען אַ גאָרנישט אַקעגען מיר... ווען זיי זיינען שוין געקומען צוריק אין שטאָדט האָבען זיי נאָך גערעדט פון דער גרויסער חכמה.

געוועהנליך, פון די דריי פלעשלעך בראָנפען איז געוואָרען צעהן און איך האָב ארויסגעזעהן בנבואה, אַז עס וועט זיין נאָך אַ משפט און מען וועט מיך מסתמא ווייטער מאכען פאר׳ן משפט׳ער, וואָס אנדערש וואָלט דאָס נישט געקענט זיין נאָך אַזאַ גרויסער חכמה. נאָר ביי זיך האָב איך געטראַכט — איין מאָל אַ חכמה־! פון גרויס שמחה קען מען נאָך דעם משפט׳ער אויך, פארבייגעהענדיג, דערלאנגען אין די צייהן און בין זיך מיישב אז עס לוינט זיך מיר נישט און איך האָב געזאָגט אַ תירוץ מיין טאוואריש דרוטשין, אַז עס טהוט מיר וועה די קאָפּ און איך וויל געהן אויף מיין קווארטיר. ער האָט זעהר נישט געוואָלט אז איך זאָל אוועקגעהן. ער האָט מיר געוואָלט געבען מעדיצין, וואָס איז באשטאנען דורכאויס פון בראנפען, בראנפען מיט פעפער און נאָך פארשידענע מעדיצינען, נאָר דורכאויס מיט בראָנפען; עס האָט אָבער נישט געהאָלפען. האָט ער מיר געהייסען נעהמען כינע מיט אַ טהיי־גלאָז בראָנפען און געהן אין בעט. און איך בין אַוועק.

עס איז נאָך געווען גאנץ פריה צו געהן אויף מיין קווארטיר. דער אָבענד איז געווען זעהר אַ שעהנער, בין איך אוועק שפאצירען ארום שטעדטעל. דורכגעגאנגען זעהר שעהנע אלייען, געוויסע פייגעלעך האָבען נאָך געזונגען און איך האָב אָנגעהויבען זעהר שטארק בענקען נאָך מיין ביילקע׳ן. וואָס זאָל איך דיר זאָגען, אַפילו נאָך איהר מוטער און נאָך מיין באַלעבאָסטע. ווי זאָגט מען, אז מען האָט ליעב דעם אָרימאן, האָט מען ליעב זיין טאָרבע...

איך האָב דאן ליעב געהאט די גאנצע וועלט.

יענע נאכט בין איך געשלאָפען זעהר שלעכט, ארומגעוואָרפען זיך. אויף מאָרגען האָט מיך מיין לאָדזשע־מיסטער, דער שוחט, געפרעגט: „וואָס איז געווען מיט אייך?״ האָב איך איהם געזאָגט, אַז איך האָב געהאט קאָפּ־שמערצען, וואָס איז שוין טאקע געווען אַביסעל אמת.

איך האָב אָבגעדאַווענט, געגעגעסן פרישטיק און אוועק צו דער ארבייט.

איך קום צוגעהן טרעף איך אַ פּאָר חברה מיט סמנים, נישט חלילה פון קושען זיך, און דער, וועלכען מען האָט געראפען ממזר, רוהט זיך אויס, ווייל ער האָט זיך צופיעל „געקושט״ און דער, וואָס האָט איהם געראפען ממזר, איז אין שפּיטאל. ווייזט אויס, אז איך האָב קיין טעות נישט געהאט. נישט נאָר איין ריכטער, זיי האָבען אפשר געדארפט צעהן. דער איינציגער וואָס האָט נישט געהאַט קיין סמן איז געווען מיין פריינד דרוטשין. ער האָט געזאָגט ״ „איהר ווילט זיך שלאָגען, געזונטערהייט; ניע מאיא דיעלכ״, עס הייסט, נישט זיין דאגה! און צו מיר האָט ער געזאָגט, אַז איהם האָט שטאַרק פארדראָסען וואָס איך בין נישט געווען, ווייל עס איז געווען זעהר אינטערע־סאנט. זאָג איך: „וואָס וואָלט געווען ווען, פארבייגעהענדיג, כאַפּ איך אויך אַ פּאָר קלעפּ? וואָלט עס שוין נישט געווען אינטערעסאנט?!״ זאָגט ער: „פּאַ־טשעמו?״ (פאַר וואָס?) ענטפער איך: „אַ קשיה אויף אַ מעשה?״

דערווייל, ארבייטענדיג אין קלויסטער, האָט אויסגעפונען דער עלטסטער מאָנאַך, אז איך בין אַ איד, ווייל איך ארבייט נישט שבת און ארבייט מיטאָג־צייט. פלעגט ער צוגעהן צו מיין וואַרשטאַט, ווען קיינער איז נישט געווען און פלעגט קרעכצען און זאָגען, אז עס טהוט איהם זעהר לייד וואָס אזא שעהנער יונגערמאן איז נעבעך נישט קיין פראוואסלאוונער; עס הייסט, נישט קיין קריסט. און ער ראטה מיר איין קלייניגקייט, אַ גאָרנישט — איך זאָל זיך נאָר אַביסעל אָב׳שמד׳ן און ער וועט מיר געבען זעהר אַ רייכען קראסנע באַטקע, זעהר אַ רייכע פּאָר פּאָלק, האָבען נעבעך נישט קיין קינדער, וואוינען נישט ווייט פון דאַנען, האָבען זעהר אַ גרויסע אימעניע מיט הונדערטער אקער לאנד און וואלד און כל טוב און האָבען אויך אין קיעוו אַ גרויסע פאַבריק, וואו מען מאכט צוקער און וואו עס אַרבייטען טויזענדער מענשען. זיי וועלען מיך צושרייבען פאַר זיין זוהן און ווען זיי וועלען, אם ירצה השם, שטארבען, וועט אלעס זיין מיינע. און איך וועל אויך קענען נעהמען זעהר אַ רייכע כלה און איך וועל זיין גליקליך און וועל אויך קענען גליקליך מאכען מיין פאמיליע.

זאָג איך: „פּאָטער׳ל, גליקליך מאכען מייך פאַמיליע וואָלט איך זעהר געוואָלט, נאָר אונגליקליך מאכען וויל איך נישט. ווען מיינע עלטערען, וועלכע איך האָב זעהר ליעב וואָלטען דערהערט, אַז איך האָב זיך גע׳שמד׳ט, וואָלטען זיי דאָס געוויס נישט אויסגעהאלטען. און וועגען אַ רייכער כלה, האָב איך שוין אַ מיידעל, וועלכע איז ביי מיר טייערער פון מיין לעבען!״

איך האָב איהם אויך געזאָגט, אז אַזוי ווי איך בין געבוירען אזוי וועל איך אויך שטאַרבען. און אַזוי פלעגט ער קומען צו מיין וואַרשטאַט יעדער מיטאָג צייט און פלעגט קרעכצען... עס האָט איהם זעהר פארדראָסען נעבעך.

דאנקען גאָט די ארבייט האָט זיך געענדיגט. פטור געוואָרען דעם מאָנאַך, וואָס פלעגט מיך פארנודיען. מען פאָהרט צוריק אַהיים. אַלע פרעהליך, צופריי־

דען, ווייל קיין גרויסען פארגעניגען האָבען מיר דאָרט נישט געהאט. מיר זיינען אַריינגעפאָהרען אין קיעוו. מען האָט זיך איינגעקויפט פארשידענע זאכען. איך האָב זיך געקויפט אַ העמד מיט קרייזעלעך פון פאָרענט אַזוי ווי ארטיסטען טראָגען, מיט אַ שעהנעם קראַוואַט און אַ זילבערנעם זייגער מיט אַ גאָלדענער אמאלע און אויסגעקריצט מיין נאָמען און פאר מייןביילקע'ן אַ זיידענעם טערקישען שאל, וואָס עס איז דאן געווען אין דער מאָדע און אַ גאָלדענעם פינגערל מיט אַ בלאָהען שטיינדעל וואָס עס האָט זיך אָנגעטהון אויף מיין קליינעם פינגער און עס איז געווען גוט פאר איהר. און פאר מיין באלעבאָסטע און ביילקע'ס מוטער אויך צוויי טערקישע שאלען פון וואָל. איך בין זעהר צופרידען מיט מיינע פרעזענטען וואָס איך האָב איינגעהאנדעלט און אויך האָב איך זיך געקויפט אַ סאמעטען דזשעקעט, אויך אַזוי ווי אר־טיסטען טראָגען. נו, געוועהנליך, זייענדיג אַ שניצער, וואָס עס מיינט אַביסעל קינסטלעריש און אויך שפּיעלענדיג אַביסעל אויף'ן גיטאר און נאָכמאכענדיג טאָוואַריש דרוטשין איז עס מיר אלעס געפעלען געוואָרען. און האָר האָב איך זיך פארלאָזען לאנגע און געטראָגען באקען־בערד, וואָס איז געווען אין דער מאָדע און קוק שעהן אויס — אַ גאנצער ארטיסט! נאָר די קונסט האָט מיר געפעהלט און פארליעבט בין איך אויך און אַביסעל מרה־שחורה האָב איך אויך געהאַט, הייסט עס, אלעס ווי מען דארף, און פאָהר אַהיים לעבעדיג פריי־לעך צו מיין קווארטיר. איך פארפאָהר שוין נישט אין פאַבריק ווי דעם לעצטען מאָל.

איך קום צו פאָהרען מיט אַזא שמחה. איך כאַפּ זיך ארום מיט מיין באַ־לעבאָסטע, ערשט זי ברעכט אויס אין אַ געוויין פון וואָס איך האָב זיך זעהר דערשראָקען. געמיינט, אַז עפּעס האָט זיך געטראָפען מיט איהר זוהן, וואָס איז איהר געווען זעהר טייער ווי אַן אויג אין קאָפּ. ערשט איך ווער גע־וואויר אַז ביילקע, געהט מיט אַן אַנדער יונגערמאַן, וואָס איהר פאָטער האָט פאַר איהר אויסגעקליבען.

ווען איך האָב דאָס דערהערט בין איך געפאלען אין חלשות און מען האָט געמוזט רופען אַ דאָקטאָר און מען האָט מיך קוים אָבגעמינטערט. אין בין געלעגען דריי טעג אין אונבאוואוסטקייט. מען האָט שוין גערעכענט, אז איך וועל שוין צו זיך נישט קומען. צום שלימ'מזל בין איך געקומען צו זיך און מען האָט מיך צוגענומען אין אידישען שפּיטאל וואו איך בין געלעגען אַ חודש צייט.

ביילקע'ס מוטער האָט אין דעם ניט געשוויגען, געלאָפען צו איהר אָב־גע'גט מאן, וועלכער האָט זי אַרויסגעטריבען און געשריען, אַז זי וויל אונ־גליקליך מאכען זיין טאָכטער מיט עפּעס אַ שארלאטאן, וואָס קיינער קאָן איהם נישט; קומט ערגעץ פון אלדע שוואַרץ יאָהר, עפּעס אַ בעל־מלאכה. דאַרף נאָך זיין אַ סאָלדאט און דאָ האָט ער אַ רייכען באלעבאטישען יונגענמאַן, אַ בן־יחיד, דארף נישט זיין קיין סאָלדאט און געהט אויס נאָך זיין טאָכטער. וואָס

ווייבער קען איינפאַלען! „אַרויס אין אלדי רוחות!“ שרייט ער און לאָזט זי אַפילו נישט זעהן איהר טאָכטער. און איהר מוטער שעהמט זיך צו קומען מיך זעהן, איהר „שעהנעם איידעם“. און מיין לאָדזשע־מיסעס הייסט איהר נישט, ווייל זי וואָלט מיך מעהר אויפגערעגט און דאָס וואָלט מיר קיין גוטעס נישט געטהון. עס פלעגט מיך קומען זעהן דער שניידער מיט וועלכען איך בין צוזאַמען געווען אויף דער לאָדזשע, ווייל דער סטאָליער איז שוין אַוועקגעפאָהרען. געדאַרפט שטעהן צום מיליטער.

מיין טאָוואַריש דרוטשין פלעגט מיך קומען זעהר אָפט זעהן און איך האָב איהם דערצעהלט פאַרוואָס איך בין קראַנק. פלעגט ער זאָגען, אַז מיט איהם האָט אויך פאַסירט די זעלבע זאַך; דערפאַר איז ער פאַרבליבען אַן אלטער בחור. ער וועט קיינמאָל נישט חתונה האָבען און פלעגט זיך אויס־דריקען: עטיע זשענשטשיני, טשאַרט איך פאַבערי! עס הייסט, די פרויען, דער טייוועל זאָל זיי נעהמען! און דערפאַר טרינקט ער אַזוי פיעל און הייסט מיר אויך טהון דאָס זעלבע, אַז איך וועל אם ירצה השם, געזונד ווערען.

אהיים האָב איך געשריבען בריעף, אַז איך בין נישט געזונד, געכאַפּט אַ שטאַרקען קאָלד פון וואָס איך האָב געקראָגען וואַספּעלעני לאָכקי, נאָר עס געהט מיר בעסער. דער באָבען האָב איך געשריבען, אַז אַ מכשף האָט גע־וואָלט אז איך זאָל זיך שמד׳ן. נאַטירליך האָב איך זיך פון איהם אויסגעלאַכט, האָט ער מיך פאַרשאָלטען. דערפאַר בין איך נישט געזונד, נאָר עס געהט מיר בעסער...

אַזוי, מיין טייערער, האָב איך געמוזט זאָגען ליגען מיינע עלטערען און מיין אלטער באָבען.

איך בין אָבגעלעגען אין שפּיטאָל מעהר ווי אַ מאָנאַט. געקומען צוריק אויף מיין לאָדזשע, געפּרואווט געהן אַרבייטען אין פאַבריק, נאָר כ׳האָב שוין ניט געקענט. זי האָט מיר צוגענומען מיין גאַנצע ענערגיע. איך האָב זיך אַרומגע־דרעהט, געוואָלט נעהמען דעם לעבען, קיין מוטה נישט געהאַט. אַ שלימזל!

איך האָב אין דער צייט אויסגעשניצט פאַר אַ סטאָלער אַן ארון קודש אין דער קאַזאַנסקער שוהל, אויך איינעם אין אַ שטעדטעל נישט ווייט פון יע־קאַטערינאַסלאַוו און מען האָט אויף מיר אויסגעטראַכט אַ בלבול...

איך האָב אויסגעפונען ווער דער יונגערמאַן איז. איהר פאָטער האָט גע־קויפט סחורה פאַר זיין געשעפט ביי אַ געוויסען רייכען סוחר, וועלכער האָט אַן איינאיינציגען זוהנדעל, וועלכער פלעגט געהן צו איהר פאָטער נאָך געלד. האָט ער זיך אין איהר פאַרליעבט און האָט די פאַמיליע, קען מען זאָגען, רייך געמאַכט. געקויפט איהר זעהר גוטע פּרעזענטען און אויך פאַר דער פאַמיליע. פלעגט ער אריינשיקען סחורה אָהן געלד און פלעגט זי אויסנעהמען אין די רייכסטע פּלעצער, וואָס איהר פאָטער פלעגט איהר הייסען געהן. און זיין פאָטער האָט געוואוסט פון דעם. איך האָב געפּרואווט זי זעהן, האָט מען מיר

געלאָזט וויסען דאָס אויב איך וועל זיך נישט פארהאלטען רוהיג, וועט מען מיר שיקען אהיים מיט'ן עטאפּ! דאָס וועט שוין זיין פאָטער זעהן דערצו. איך האָב שוין מעהר נישט געקענט אויסהאלטען. איך פאָהר אַהיים אַ צובראָכענער, אַ קראנקער; קען נישט עסען, נאָר עס האלט מיך אויף די ביסעל בראנפען.

און ער ווייזט מיר צוויי הינער, וואָס זיין לאַדזשע־מיסעס האָט איהם אויסגעבראָטען מיטצונעהמען אויפ'ן וועג און ער גיט מיר זיי אַוועק און בעט מיך, איך זאָל זיי פאר איהם אויפעסען, ווייל עס איז אַן עבירה זיי אַוועקצואַרפען. איך האָב איהם געטהון די טובה און נאָך פארשידענע שפייז האָט ער מיר אוועקגעגעבען און אליין האָט ער גאָרנישט פארזוכט, נאָר געטרונקען אַביסעל בראָנפען, ווען איהם פלעגט ווערען ניט גוט. פלעגט ער אויסברעכען אין אַ געוויין וואָס איך האָב געהאט אַ שווער שטיקעל ארבייט איהם צו בארוהיגען און אויך האָב איך געוואָלט וויסען די ענדע וועלכע איז מיר געווען זעהר אינטערעסאנט.

נאטירליך, איך האָב איהם געטרייסט, אז ער איז נישט דער ערשטער און וועט אויך ניט זיין דער לעצטער און אַזוי ווייטער. „און אויב דו האָסט זי אזוי געליעבט, דארפסטו זיין צופרידען, ווייל אזוי ווי עס ווייזט אויס איז זי דאָך טאקע גליקליך און אויך איהר פאָטער דארף דיך נישט פארדריסען, ווייל ער האָט געהאנדעלט ווי אַ פאָטער דארף האנדלען! צווישען אונז גערעדט, דארפסט דאָך טאקע זיין אַ סאָלדאט!"

כאַפּט ער זיך אויף און זאָגט: ‚מיר האָבען אָבגעמאכט ביידע צו פאָהרען קיין אמעריקע באלד ווי איך וועל נאָר אָנקלויבען גענוג געלד, פון וואָס זי איז געווען זעהר צופרידען, ווייל אין דער היים האָט זי סאַי ווי נישט געוואָלט זיין און איך האָב איהר געזאָגט, אַז מיר וועלען אַריבערנעהמען איהר מוטער אויך און מיר וועלען וואוינען צוזאמען. פאַר וואָס זי האָט מיך געהאלטען אין איין קושען דערפאר.

ער פאלט ארויף אויף מיר און צוואויינט זיך, אז איך האָב זיך פשוט דערשראָקען און לאָזט מיך אָב און לויפט צום רעל פון שיף און וויל זיך אַריינוואַרפען אין דניעפּער. איך האָב איהם קוים אָבגעהאלטען און אויף איהם אכטונג געגעבען ביז איך האָב איהם געבראכט צו זיינע עלטערען און זיי געזאָגט, אַז זיי זאָלען איהם נישט לאָזען אליין, ווייל פון זיין קראנקהייט איז ער געבליבען נישט נאָרמאל. וואָס פון איהם איז געוואָרען ווייס איך נישט...

# די סיבירער קאָזאַקען דעם ערשטען פסח אין לאָנדאָן

טרעפענדיג אין לאָנדאָן, אין אָנפאנג פון צוואַנציגסטען יאָהרהונדערט, מיין יוגענט־חבר, דעם ליעבהאָבער פון דער בייגעל־פארקויפערין ביים דניעפער, מיט וועמען איך האָב זיך זעהר דערפרעהט, וויסענדיג אין וואָס פאַר אַ לאַגע איך האָב איהם איבערגעלאָזט! און דאָס איז וואָס ער דער־צעהלט מיר, ווי אַזוי ער איז געוואָרען אַ סעבירער קאָזאַק.

— געדענקסט דאָך — זאָגט ער — ווי פארצווייפעלט איך בין געווען, פארלירענדיג מיין ביילקען, אז איך האָב שוין מעהר נישט געוואָלט לעבען אויף דער וועלט. איך האָב בעסער געוואָלט שטארבען. האָבען מענשען גע־ראטען, אַז איך זאָל הייראַטען; און דאָס וועט מיר העלפען צו פארגעסען ביילקען. און שטארבען האָב איך נאָך געגוג צייט...

איך האָב זיי געפאָלגט און חתונה געהאט. אין איניגע מאָנאַטען אַרום האָט מען מיך צוגענומען אין מיליטער.

אָבדינענדיג נאָהענט פון דריי מאָנאַטען און שוין באלד קענענדיג די גאנצע סאָלדאטסקע תורה, האָב איך שוין געהאט גענוג און געמאכט אַ ויברח. איך האָב אויסגעביטען מיינע סאָלדאטסקע קליידער ביי אַ סוחר פון אלט־ווארג, וועלכען איך האָב נישט אָבגענארט און ער האָט מיך אויסגעקליידט אין אַביסעל מלבושים פון יעקאַטערינאַ׳ס צייטען.

איך האָב זיך מיט זיי דורכגעוואָלגערט אין רוסלאנד: וואו געטאָגט, דאָרטען נישט גענעכטיגט, ביז איך בין מיט זיי אריין אין דייטשלאנד, ימח שמה וזכרה, וואו מען האָט זיי פאר מיר אויסגעפארעט, נישט חלילה אויסגע־פרעסט. האָב איך אין זיי אויסגעקוקט, להבדיל, ווי אַן ענגלישער לאָרד.

מיין באגאזש, וואָס איז באשטאנען פון איין שטרויענער קארזינקע, וואו עס איז געלעגען מיין געציג, אָהן וועלכע איך האָב זיך אין ערגעץ נישט גע־ריהרט; אַ טלית און תפילין און, להבדיל, אַ פּאָר וועש צום בייטען, אַ האנד־טוך מיט אַ שטיקעל זייף און אַ בערשטעל מיט שואוואַקס, ווייל די שיך פוץ איך אלע אין דער פריה; און עס איז זעהר זעלטען ווען איך פארפעל. עס איז ביי מיר אַ געוואוינהייט פון מיין יוגענט, וואָס מיין פאָטער, עליו השלום, האָט מיך דערפאר גערופען פאניע הקדש!

ווייל אלס יונגער אינגעל, ארויפדראפּענדיג זיך אויף ביימער און דעכער, פלעגען מיינע הייזלעך — איהר זאָלט מיר מוחל זיין! — ווערען צוריסען; און צוריסענע הייזלעך מיט געפּוצטע שיך, האָבען די שיך פאַרגעשטעלט דעם פּאניע און די הייזלעך — דעם הקדש. און פון דער קארזינקע האָב איך קיין אויג נישט אראָבגעלאָזט.

מיין קאפּיטאל, וואָס איז באשטאנען פון אן ענגלישען שילינג און אַ דייטשען מארק און אַן אדרעס צו מיין מוטערס אַ גליד־געשוועסטערקינד אין לאָנדאָן, האָט מיך אַ שיף געבראכט פון ברעמען ביז לאָנדאָן־ברידזש וועלכע איז געוועזן אָנגעפּאקט מיט פערד און איך האָב געפּיהלט צו זיין איי־נער פון זיי. נאָר דער אונטערשיעד איז געוועזן וואָס זיי אויף פיר פיס האָבען געגעסען היי און האָבער, און איך אויף צוויי האָב געגעסען הערינג מיט ברויט.

איז געקומען אַן ענגלישער איד מיט אַ הארטען הוט און אַ גראָבע פּאָר שיך, וועלכער האָט קוים געקענט רעדען אַ וואָרט אידיש, מיך אַראָבגענומען פון שיף און געבראכט אויפ׳ן געווינשטען אדרעס, אין אלד מאָנטאגיו סטריט, וואו די קוזינע האָט געוואוינט אין צוויי צימערען, זאַלבע־זעקסט: מאן און פרוי מיט פיער קינדער!

אַ זוהן פון אַ יאָהר אכצעהן, וועלכער האָט געענדיגט די לעהרע אלס שניידער און געהט ארום אָהן ארבייט און אַ מיידעל פון אַ יאָהר פערצעהן, וועלכע האלט אין ענדיגען די שולע; און צוויי קלענערע אינגלעך, וואָס געהן אין שולע.

די קוזינע פרעגט ווער איך בין. איך זאָג איהר. האָט זי מיר געהייסען אוועקשטעלען די קארזינקע און אוועקגעשיקט דעם איד. זי פרעגט מיך צי איך האָב געהאט ברעקפעסט. נישט וויסענדיג וואָס עס איז, האָב איך געזאָגט אַז ניין. האָט זי מיר געהייסען זיך וואַשען די הענט און זעצען זיך צום טיש. האָב איך פארשטאנען, אז ברעקפעסט מיינט עסען...

זי האָט מיר דערלאנגט אַ פּאָר געריכערטע, געבאקטע פישלעך און ווייסע ברויט מיט פּוטער און זיסע טהיי מיט מילך. האָב איך גערעכענט, אז עס איז אלעס צוליעב מיין כבוד; און מען האָט מיך זעהר פיין אויפגענומען.

נאָר שפּעטער האָב איך אויסגעפונען, אז קיין ביליגער עסען איז נישט געווען, ווייל די געריכערטע, געבאקטע פישלעך זיינען געווען אַ פּאָר קיפּערס, וואָס דאן האָבען זיי געקאָסט וויניגער ווי איין פּענע אַ פּאָר; און ווייס ברויט האָט געקאָסט ביליגער פון שווארץ; און זיסע טהיי מיט מילך טרינקען דאָ אלע אָרעמעלייט...

נאָר מיר האָט עס זעהר געשמעקט. נישט האָבענדיג געהאט אַ לאנגע צייט קיין ריכטיגען מאכל, ווייל אלס סאָלדאט האָב איך געגעסען שווארצע ברויט מיט באָרשט און ארומוואלגערען זיך הערינג מיט ברויט—האָב איך פון דעם זעהר אַ הנאה געהאט; און מיר האָט זיך פארוואָלט רויכערען. כ׳פרעג דער קו־

זינע וואו כ׳וואָלט געקענט קויפען פּאַפּיראָסען. זאָגט זי אַז איך זאָל אַראָבגעהן אונטען, איז דאָ אַ „גראָסערי שאָפּ״. דאָרט וועל איך קענען קויפען פּאַפּיראָסען.

פאַרשטעה איך, אז עס איז אזא קרעמעל, וואָס פארקויפט פּאַפּיראָסען. איך פרעג איהר ווי אזוי איך זאָל בעטען. זאָגט זי, אז פאר טאָפּענס וועל איך קריגען צעהן ציגאַרעטען.

איך פרעג איהר, וואָס איז טאָפּען. הויבט זי אָן לאכען און זאָגט: „נישט טאָפּען, נאָר טאָפּענס איז צוויי פּעניס״. איך בין אראָב וואו זי האָט מיר אָבגעמאָלט און אריין אין קרעמעל און בעט פאר צוויי פּעניס פּאַפּיראָסען. שטעהט הינטער מיר אַ איד אין אַ פאַרטוך און פרעגט מיך צי איך בין אַ גריינער. איך בין געוואָרען באַליידיגט און זאָג איהם, אז עס איז נישט זיין דאגה!

דער איד אנטשולדיגט זיך און זאָגט, אז ער האָט נישט געמיינט, חלילה, מיך צו באַליידיגען, ווייל יעדער איינער, וואָס קומט ערשט אריבער, רופט מען אזוי.

מיר ווערען גוטע פריינד, און ער פרעגט מיר פון וואַנען איך קום. איך זאָג איהם, און ער פרעגט מיך מיט וואָס איך באשעפטיג זיך. איך זאָג איהם אַז איך בין אַ שניצער. זאָגט ער, אַז פאַר איהם אַרבייט אריין א שניצער און ער קען טהון מיט אן ארבייטער.

איך בין מיט איהם אַריין צום שניצער. ער האָט מיך פאָרגעשטעלט. דער שניצער ווייזט מיר אַ שטיקעל צודראפּעטע ארבייט און פרעגט צי איך וואָלט עס קענען מאכען. איך האָב איהם געוואָלט זאָגען אויפ׳ן ליטווישען שטייגער, „אַ סיילע אַביסעל״, נאָר זייענדיג אַ גרינער, האָב איך זיך אָבגעהאַלטען. ער הייסט מיר ברענגען מיין געצייג און שטעלען זיך צו דער ארבייט.

איך בין ארויף נעהמען מיין געצייג און זאָג דער קוזינע, אז איך האָב שוין אַ שטעלע און געה זיך שטעלען ארבייטען. זאָגט זי: „צו דער ארבייט וועסטו געהן מאָרגען אין דער פריה״. ווען איהר זוהן, וועלכער איז אַרויף עסען ברעקפעסט, — וואָס איך האָב שוין געוואוסט וואָס עס איז, — האָט זי איהם געזאָגט, אַז עס איז געקומען אַ גרינער, וואָס איך האָב שוין אויך געוואוסט ווער זי מיינט, און איז געגאנגען קויפען סיגארעטס, וואָס איך האָב שוין אויך געוואוסט וואָס עס איז, און איז פארבלאָנדזשעט געוואָרען. האָט זי איהם געשיקט מיך זוכען. „באַלד ווי ער וועט אַרויף, — זאָגט זי, — וועט ער מיט דיר פריהער געהן אין אַ באָד, און צו דער ארבייט וועסטו געהן מאָרגען גאנץ פריה״.

איך האָב אַראָבגעטראָגען מיינע געצייג און געלאָזט וויסען דעם מייסטער, אַז מיין קוזינע וויל איך זאָל פריהער געהן אין אַ באָד און צו דער אַרבייט וועל איך זיך שטעלען מאָרגען גאנץ פריה. איך האָב איבערגעלאָזט מיין געצייג און בין אַרויף צוריק. אַריינקומענדיג איז שוין איהר זוהן געזעסען און געגעסען ברעקפעסט. זי האָט מיך פאָרגעשטעלט

און איהם געזאָגט, אַז דאָס איז דער גרינער, ווען ער האָט געזוכט און איהם אויך געזאָגט ווער איך בין.

מיר באקענען זיך און ער געפעלט מיר. אַ וואוילער יונגערמאן. ווען ער האָט געענדיקט זיין ברעקפעסט, האָט מיר די קוזינע געהייסען ארויסנעמען מיינע וועש און איהם געזאָגט עפּעס אין ענגליש, און מיר זיינען אוועק.

אויפ׳ן וועג פרעג איך איהם: „וואָס האָט דיר דיין מאמע געזאָגט?: ענטפערט ער, אז זי האָט געזאָגט: „ווען איך געה נישט מיט דיר אין אַ באָד, וואָלט זי דיך נישט געהאט אַוואו צו לעגען שלאָפען“.

איך האָב זיך געפיהלט דערנידריקט. נאָר זי האָט טאַקע געהאט פאָלקאָם רעכט, ווייל איך בין געשלאָפען מיט איהם און זיינע צוויי ברידערלעך אין איין בעט.

און אזוי געהענדיג, פרעגט ער מיך וואָס איז „דארמאיעדניק“. פרעג איך איהם, צוליעב וואָס דארפסטו דאָס וויסען? ענטפערט ער, אַז ווען זיין מוטער ווערט אויף איהם אין כעס, רופט זי מיך אַזוי. איך בין שוין געווען קליגער פון איהם. איך האָב איהם דאָס נישט פארטייטשט, ווייל עס איז אַ רוסיש וואָרט וואָס מיינט „אומזיסטער פרעסער“; איך האָב איהם געזאָגט אז איך וויים נישט...

מיר זיינען אריין אין בריק ליין. אויפ׳ן וועג צו שעפּטשיקס באָד האָב איך באגעגענט אונזערען אַ לאנדסמאן מיט נאָך ערגערע מלבושים ווי מיינע. זיין נאָמען איז גערשקע, וועלכער איז געווען אין מיינע יאָהרען. דו האָסט איהם נישט געקאָנט.

אין דער היים האָב איך זיך מיט איהם נישט געוואָלט חבר׳ן, ווייל קיין כבוד וואָלט עס נישט געווען און מען וואָלט נאָך געקענט ווערען ארעסטירט דורך איהם. ער איז ניט געווען קיין פּאָליטישער און איך, חלילה, נישט קיין גנב; אָן ארענטלעכער, גוטער בעל־מלאכה. נאָר ער האָט געהאט אַ פּאָר שטארקע הענט און פלעגט זיי נוצען אנשטאָט די צונג.

איך וועל איהם דיר פאָרשטעלען. מיר זיינען ביידע געווען אין יעקאַ־טערינאסלאוו. און איך האָב זיך געהאלטען פון איהם דערווייטערט. נאָר די לעצטע טעג, ווען מיר האָבען געדארפט פאָהרען אהיים כדי זיך צושטעלען צום מיליטער, בין איך געוואָרען הפקר און מיט איהם פארבראכט אין אַ פלאץ, און עס איז אונז אויסגעקומען צו געהן אהיים זעהר שפּעט ביינאכט. און אזוי געהענדיג אויפ׳ן פּראָספּעקט, די שעהנסטע גאס אין יעקאטערינאס־לאוו, דערהערען מיר ווי מען פייפט. האָבען מיר זיך אָבגעשטעלט, געמיינט אַז ס׳איז באקאנטע. איז צו מיר צוגעגאנגען אַ געזונטער קאצאפּ און פרעגט מיר: „אויף וועמען ווארטסטו, זשידאווסקאיא מאָרדא?!“

איז איידער איך האָב איהם געקענט ענטפערען, איז ער שוין געלעגען לעבען מיינע פיס אַ צובלוטיקטער און גערשקע זאָגט מיר: „וואָס האָסטו

זיך אוועקגעשטעלט אויסטענה׳ן מיט דעם דבר־אחר!״ דערווייל איז צוגע־לאָפּען נאָך איינער. איידער יענער איז נאָך געקומען נאָהענט, האָט גערשקע אַזוי קונציג אַ דרעה געטהון זיין האנט און איהם דערלאנגט אַ זעץ, אַז יענער איז געבליבען ליגען, זיך נישט געקענט ריהרען פון אָרט. עס איז אויך געווען אַ דריטער, נאָר יענער האָט שוין געהאט דרך־ארץ, אַז ער זאָל נישט קריגען דעם זעלבען סוף.

און ער זאָגט צו מיר: „קאלט אַזוי ווי עס האָט גאָרנישט פּאַסירט. וואָס חזירים קענען! מיר געהן און טשעפּען קיינעם נישט, נאַ דיר גאָר... דאָס איז ר׳ גערשקע נומער איינס. הכלל מיר זיינען בשלום געקומען צו פאָהרען אַהיים, געשטאַנען צום מיליטער. געוועהנליך, מען האָט אונז ביי־דען אָבגעגעבען. איהם האָט מען אוועקגעשיקט דיענען אין באריסאוו אין קאוואלעריע, און מיך אין וויטעבסק — אין ארטילעריע. אָבדינענדיג אַ קאַרגען מאָנאַט איז, אין א שעהנעם פרימאָרגען, לאָזט ער זיך אריין צו מיר אין קאַ־זארמע און פרעגט צי איך דיען נאָך; און זאָגט מיר, אַז ער האָט זיך שוין אויסגעדיענט.

„היינט פארטאָג רייניגענדיג אין שטאַהל די פערד, האָט מיר מיין דזשאטקע גערופען „זשידאווסקאיא מארדא״. האָב איך איהם דערלאנגט אין זיין מאָרדע און ער איז געבליבען ליגען און איך בין אנטלאָפען״.

די אידישע סאָלדאטען האָבען איהם דערזעהן, האָבען זיי מיר געזאָגט, אז איך זאָל איהם הייסען זיך באלד אָבטראָגען, ווייל מען קען זעהן ווער ער איז. איך האָב איהם געזאָגט און ער איז אַוועק. מעהר האָב איך איהם נישט געזעהן ביז איצט. איצט גלויב איך קענסטו פארשטעהן פארוואָס איך האָב זיך מיט איהם נישט געוואָלט חבר׳ן. דאָס איז ר׳ גערשקע נומער צוויי!

איך האָב דיר געקענט דערצעהלען צעהנדליגער אזוינע פּאַסירונגען פון איהם, נאָר צוריק — ווי אזוי איך בין געוואָרען אַ סיבירער קאָזאַק.

געוועהנליך טרעפענדיג זיך אין אַ פרעמד לאנד, אין אזוינע אומשטענ־דען, האָבען מיר זיך דערפרעהט. און ער דערצעהלט מיר, אַז ער איז שוין דאָ איבער אַ מאָנאַט, ארבייט אויף אַ פלאַץ און פארדיענט אַ „סאוורן״ א וואָך. נאָר היינט ארבייט ער נישט.

איך פרעג איהם פאַרוואָס. זאָגט ער, אַז זיין מייסטער האָט זעהר אַ גע־זונטען זוהן, וואָס האָט זיך נאָר געוואָלט מיט מיר „פייטען״. איך פרעג איהם, וואָס הייסט „פייטען״? זאָגט ער, שלאָגען זיך. זאָג איך: „נו, אויף דעם ביסטו דאָך עפּעס אַ גרויסער בעריע״. זאָגט ער, אַז דאָ שלאָגט מען זיך אַנדערש ווי אין דער היים. דאָ דארף מען גאָר דרעהען מיט די הענט און מען טאָר נישט שלאָגען וואו מען וויל. גאנצענע געזעצען, האָב איך נישט געוואָלט. איז געבליבען, אז מיר זאָלען זיך „רעסלען״. איך פרעג איהם וואָס באדייטעט „רעסלען״? זאָגט ער מיר, אז איך בין אַ גרינער. דער ענגלישמאַן! זאָל זיין אַ גרינער. איך וויל אָבער פאָרט וויסען וואָס מיינט „רעסלען״. ערקלעהרט ער

מיר אז דאָס מיינט בארען זיך. האָבען מיר זיך געבאַרעט און איך האָב איהם געגעבען אַ לייג אַוועק און מען האָט איהם געמוזט צונעהמען אין שפיטאָל, און איך בין אנטלאָפען.

נאָר מען האָט מיר געלאָזט וויסען, אז ער איז געבליבען לעבען און איך זאָל קומען צו דער ארבייט. און דער מייסטער האָט געזאָגט, אז עס איז „אַ גוד דזשאב" אויף זיין זוהן. האָט ער נישט געזאָלט קריכען. איך פרעג איהם וואָס איז „אַ גוד דזשאב"? ווייסט ער נאָך נישט, דער ענגלישמאַן, וועלכער האָט מיך גערופען גרינער. איך פרעג ביי מיין באַגלייטער, וואָס מיינט „אַ גוד דזשאב", זאָגט ער אַ גוד דזשאב איז אַ גוד דזשאב! און ביי דעם בין איך געבליבען.

מיר האָבען זיך באַשטעלט צו טרעפען פיער אַזייגער אויפ׳ן זעלבען פּלאַץ. מיין באגלייטער האָט גענומען זיין אדרעס און איהם געגעבען מיינעם. איך בין אריין אין באָד, און זיי זיינען אוועק. איך האָב זיך גוט ארומגעוואשען, וואָס איך האָב עס זעהר נויטיג באַדאַרפט; אויך אויסגעוואַשען מיינע וועש, וועלכע כ׳האָב איבערגעביטען; וואָס דאָס האָט מיך שוין אויסגעלערענט פּאָניע גנב אויף סלוזשבע. אַוועקגעלייגט טריקענען, געליהען ביי אַ אידען אַ בעזים און דערפאַר איהם געגעבען אַ סאָלדאַטסקע פלייצע, מיט וועלכער ער האָט זיך מחיה געווען; זיך נישט געקענט גענוג אָבלויבען. זיך אליין גוט דורכגע־שמיסען, געקומען אהיים, קיינעם נישט געפרעגט דעם וועג, דערצעהלט דער קוזינע די באגעגעניש און די באַשטעלונג.

די קוזינע האָט מיר דערלאנגט אַ טעלער זופּ אָהן פלייש, ווייל די פלייש גיט זי דעם מאַן צו דער ארבייט, וועלכער ארבייט זעהר לאנגע שטונדען. ער איז געווען אַ שניידער. איך האָב אָבגעגעסען, אָבגעגעבענשט און אַוועק צו דער באשטעלונג. געטראָפען דעם וועג, קיינעם נישט געפרעגט. ער האָט שוין אויף מיר געוואַרט. מיר זיינען ארויף אויף זיין קווארטיר, וואָס איז געווען אין פלאוער דיען סטריט ביי ראָטשילד׳ן אין די בילדינגס, אויפ׳ן פינפטען שטאָק.

ער האָט געוואוינט ביי אַ פּאָר פאָלק וועלכע האָבען געהאט צוויי קינדער און געוואוינט אין צוויי צימערען: איין צימער, אין וועלכען מען קאָכט און מען עסט, זיינען זיי געשלאָפען מיט זייערע קינדער; אין בעסערען צימער איז ער געשלאָפען איינער אַליין אין אַ ברייטער אייזערנער בעט פאַר צוויי שילינג אַ וואָך!

ער וויזט מיר, אז ער האָט אייגענע ברויט און פּוטער און טהיי און „שוגער". אויף סאַפּער קויפט ער אַ הערינג און די מיסעס גיט איהם הייס וואַסער און רעכענט איהם נישט דערפאַר. דינער עסט ער אין רעסטאָראַן, וואָס קאָסט איהם זעקס פענעס; ער זאָגט מיר וואָס ער קריגט פאַר דעם: אַ גרויסען טעלער זופּ מיט ברויט און פלייש מיט בולבעס; געוואָלט זאָגען „פּיטייטעס", נאָר ער האָט זיך דערמאָהנט, אַז איך בין אַ גרינער, דער ענג־

לישמאַן. צוליב שבת קויפט ער צו פאַרבייסען פאַר דריי פּענעס געפילטע קישקע, וואָס האָט טויזענד טעמים!

הכלל, זיין לעבען געפעלט מיר; אַליין באלעבאָס, קיינער קוקט איהם נישט אַריין.

ער האָט געמאכט זיסע טהיי אהן מילך. קיין מילך האָט ער נאָך נישט געהאט, נאָר זיסע טהיי מיט ווייס ברויט און פּוטער איז פאר אנטלאָפענע סאָלדאטען אויך געווען אַ גוטער מאכל. מיר האָבען געטרונקען די טהיי און פאַרביסען מיט ווייסע ברויט און פּוטער און זיך דערצעהלט די איבערלעבונ־גען, וואָס מיר זיינען דורכגעגאנגען אנטלויפענדיג פון די סאָלדאטען ביז מיר זיינען בשלום געקומען אין לאָנדאָן; וואָס לאָזט זיך נישט באשרייבען.

מיר האָבען געענדיגט די טהיי און אוועק קיין ווייטשעפּעל, וואָס ער האָט שוין געוואוסט דעם וועג: צוגעהערט זיך צו רעדנער, וואָס די מעהרהייט זיינען געווען מיסיאָנערען, ארייגעקוקט אין פענסטער פון פארשידענע געשעפטען, נאָר לענגער זיינען מיר געשטאנען ביי אַ פענסטער פון שיך, מיט וועלכע מיר האָבען זעהר נויטיג געקענט טהון, ווייל אונזערע האָבען שוין געעפענט די מיילער און געכאפּט פרישע לופט און זעהר אָפט אַביסעל וואַ־סער אויך. צעהן דעם זייגער זיינען מיר זיך צוגאנגען.

געטראָפען אַהיים. די קוזינע האָט מיר דערלאנגט הערינג מיט ברויט און זיסע טהיי מיט מילך. אָבגעגעסען, אָבגעבענשט. עלף אַזייגער איז איהר מאן געקומען פון דער ארבייט. זי האָט מיך פאָרגעשטעלט, געזאָגט איהם ווער איך בין און ער זאָגט וועגען מיר נבואות: „דו זעהסט דעם אָבגעריסענעם טרעמפּ? אין זעקס חדשים אַרום וועסטו איהם נישט דערקענען. ער וועט ווערען אַ גאנצער אריסטאָקראט!" נאָר זיינע נבואות זיינען נישט מקוים געוואָרען. איך בין נאָר געוואָרען אַן אנארכיסט, וואָס איז דאן געווען אין דער מאָדע.

אַוועק שלאָפען. אויף מאָרגען גאנץ פריה אַוועק צו דער ארבייט.

ווי איך האָב נישט געוואָלט זיין נאָהענט מיט גערשקען, איז מיר אָבער אויסגעקומען זיך אַריינצוציהען מיט איהם אויף זיין קווארטיר.

דורך דער וואָך הער איך די קוזינע זאָגען אַ פּאָר מאָל: „וואָס, שוין ווייטער נישטאָ קיין ברויט!" ווי זאָגט מען, אויף'ן גנב ברענט דאָס היטעל... צי זי האָט געמיינט מיך, צי איהר דאַרמאיעדניק, דאָס האָב איך נישט געוואוסט. נאָר איך האָב תמיד געבעטען דעם רבונו של עולם, אַז ער זאָל מיך אויסהיטען צו זיין אַ לאסט!

פרייטאָג, פינף דעם זייגער, האָט מיר מיין מייסטער געגעבען צוועלף שילינג און געזאָגט, אַז מיינע שכירות וועט זיין פערצעהן שילינג אַ וואָך ביז פּסח און נאָך פּסח וועל איך קריגען אַ פונט. איך האָב דער קוזינע דערלאנגט צעהן שילינג און איהר געלאָזט וויסען, אַז זונטאָג ציה איך זיך אַריין מיט מיין חבר, וועלכער שלאָפט אַליין אין אַ ברייטער אייזערנער בעט. ווי ס'האָט זיך

אויסגעוויזען האָט זי זיך נישט געגומען שטארק צום הארצען. זי האָט מיר געוואונשען, אז עס זאָל זיין מיט מזל און איך זאָל נישט זיין פרעמד.

זונטאָג האָב איך געדונגען אַ גרויסען וואָגען מיט אַ פּאָר פערד און אַריינגעלייגט מיין באגאזש אין קעשענע און זיך אַריינגעצויגען צוזאַמען מיט גערשקען, און שלאָף שוין מיט איהם אַליין אין אַ ברייטער אייזערנער בעט.

איך האָב זיך איינגעקויפט ברויט און פוטער, טהיי און צוקער. מיר נעה־מען זיך ארויף אויף שותפות אַ הערינג אויף סאפער. די באלעבאָסטע גיט אונז הייס וואַסער און רעכענט אונז נישט און איז זעהר צופרידען, ווייל נאָך צוויי שילינג אַ וואָך איז איהר גוט צונוץ געקומען, ווייל איהר מאן האָט אין גאנצען פארדיענט אכצעהן שילינג אַ וואָך און זיי האָבען מיט דעם געדארפט לעבען זאלבעפערט.

דינער עסען מיר צוזאמען, אויף שבת קויפען מיר אויף שותפות פאר דריי פענעס געפילטע קישקע, וואָס איז זעהר באַ׳טעמ׳ט; און איך בין אַליין באַלעבאָס און וועל שוין מעהר ווייטער נישט הערען: „נישטאָ קיין ברויט ?!״ הכלל, עס געהט אונז גאָרנישט שלעכט. מיר געהן אָפּט אין ווייטשעפּעל, הערען זיך איין צו אלע רעדנער, קוקען אין די פענסטער פון געשעפטען און האָפען אז מיט דער צייט וועלען מיר זיך קויפען צו פּאָר נייע שיך, וואָס מיר האָבען זעהר נויטיג געדארפט.

נאָר צוויי וואָכען פאר פסח האָט גערשקע איבערגעלאָזט זיין פלאַץ, ווייל ער האָט שוין דאָרט מעהר נישט געקאָנט אַרבייטען, ווייל דעם מייסטערס זוהן איז איהם דערגאנגען די יאָהרען. און קיין אנדער פלאץ האָט ער נישט גע־קענט געפינען, ווייל עס איז דאן געווען זעהר סלעק. האָבען מיר שויןביידע געדארפט לעבען אויף מיינע פערצעהן שילינג, וואָס פיער שילינג האָבען מיר געצאָהלט דירה געלט — וואָס דאָס איז געווען די הויפּט זאך — און פאר די איבעריגע צעהן שילינג האָבען מיר געמוזט דורכלעבען די וואָך; און מיר האָבען אויך גערויכערט. נאטירליך האָבען מיר שוין אויף דינער קיין פלייש מיט פּיטייטעס נישט געגעסען און אויף סאפער קיין הערינג אויך נישט אַרויפגענומען; און אויף שבת געפילטע קישקע — פון דעם איז שוין געווען אָבגערעדט. קוים וואָס מיר האָבען דורכגעשטופּט די וואָך.

אַ דריי טעג פאר פסח בלייבט מיין מייסטער אָהן ארבייט און איך געה שוין אויך ארום ליידיג. הכלל, דעם ערשטען טאָג פסח זיינען מיר געוואָרען ריכטיג פסח׳דיג; אפילו נישט געהאט דירה־געלד צו באצאָהלען, וואָס דאָס האָט אונז זעהר געערגערט, ווייל די באלעבאָסטע האָט זיך זעהר גענויטיגט אין די פיער שילינג!

מיר זיינען געשלאָפען שפּעטער ווי אימער. אַרויס אין גאס, צוגעגאנגען צום קוד־שאָפּ, וואו מיר פלעגען עסען, געטראָפען אַ באקאנטען, געזאָגט אַ ליגען, געבעטען לייהען טאַפּענס. „מיר וועלען אָפּבייטען אַ פונט און מיר

וועלען איהם שפּעטער אַוועקגעבען". מיר האָבען געקויפט עפּעס צום עסען, אַרויף אין אונזער צימער, אָבגעפּראַוועט די סעודה, פאַרטרונקען מיט מים חיים און אַוועק אין ווייטשעפּעל.

דאָרט האָבען מיר באַגעגענט א לאנדסמאַן, וועלכער האָט זיך מיט אונז זעהר דערפרעהט. ער איז פון גערשקע'ס לייט. נאָר דער אונטערשיעד איז געווען וואָס גערשקע האָט נאָר געקענט נוצען די הענט און ער —ביידע זאַכען.

ער דערצעהלט אונז, אַז ער איז שוין דאָ אַ פּאָר יאָהר און עס געהט איהם זעהר גוט. ער איז פאַרהייראַט, האָט זעהר אַ שעהן ווייב מיט אַ געראָטען טאָכטערל. אַרבייט פאַר זיך, סטראַיעט הייזער, און בעט אונז, אַז מיר זאָלען געהן מיט איהם אַהיים, ער וועט אונז ווייזען זיין ווייב און זיין טאָכטערל. און צו זיין ווייב איז געקומען אַ שוועסטער, זעהר אַ שעהן מיידעל.

דערהערט אַ מיידעל, האָבען מיר באַלד אָנגענומען די איינלאַדונג ווי אויף צרות מיר זיינען געווען. איהר ווייסט דאָך, אין דער היים די סאָלדאַטסקע פערד, וועלכע דיענען זיך אויס, פאַרקויפט מען זיי צו בעל־עגלות און זיי שלעפּען שוין נעבעך ליים און ציגעל. און ווען זיי דערהערען מוזיק, הויבען זיי אויף די קעפּ. אַזוי זענען מיר געווען. ווייטער האָבען מיר געדענקט אפשר וועט ער אונז פאַרבעטען צום סדר...

הכלל, מיר געהן און ביי איהם מאַכט זיך נישט צו דער מויל, און ער דערצעהלט אונז גאַנצע גליקען, פּשוט אַ מיליאָנער. אונז האָט מען אָנגעזאָגט, אַז מען טאָר פאַר קיינעם נישט זאָגען, אַז מען איז אויף צרות, ווייל מען געהט גלייך אַוועק פון אייך.

גערשקע דערצעהלט איהם, אַז מיר אַרבייטען. ער פאַרדינט דרייסיג שילינג אַ וואָך, איך — פינף און צוואַנציג. און דער וועג קומט נישט צו קיין סוף; אין גאַנצען איז עס געווען אין בעטנאַל גרין. מיט מאַטערניש געקומען צום פאַדראַטשיק'ס רעזידענץ, וואָס איז געווען אין צוויי צימערען אויפ'ן צווייטען פלאָר: אַ פראָנט רום און אַ בעק רום. אין בעק רום, וואו מען האָט געקאָכט און אויך געגעסען, איז געשלאָפען זיין גרינע שוועגערין; אין פראָנט־רום איז געשלאָפען דער פאַדראַטשיק מיט זיין פרוי און טעכטערל. דאָרט איז געשטאַנען אַ בעט, אַ וויגעלע, אַ טיש מיט פיער שטוהלען, אַ זאָפע, א קאָמאָדע און א קליידער־אַלמער. ער האָט אונז באַזעצט אויבען־אָן לעבען טיש און דערלאַנגט אַ קליין פלעשעלע ספּיריט און זעהר קליינינקע גלעזעלעך — די גרויס ווי אַ פינגערהוט. ער האָט געהייסען זיין פרוי דערלאַנגען פאַרבייסען און אונז פאָרגעשטעלט, אַז מיר זיינען זעהר גרויסע יחסנים. איך שטאַם פון לויטער רבנים און גערשקע — פון גרויסע סוחרים; און עס איז פאַר איהם אַ גרויסער כבוד צו האָבען ביי זיך אין שטוב אַזוינע פּערזענליכקייטען.

אָבגעבאַקט אַ באַלעבאַטישען ליגען, וואָס ער האָט זעהר גוט געקענט, נאָר זיין פרוי איז טאַקע געווען אַ שעהנע, און זיין טאָכטערל — אַ געראָטענע. דאָס האָט ער קיין ליגען נישט געזאָגט.

ער האָט אָנגעגאָסען די גלעזלעך ספּיריט. מיר האָבען געטרונקען לחיים. געוואונשען פיעל גוטס זיין פרוי איז צוריק אַוועק אין צווייטער צימער מיט זיין טאָכטערל. ער האָט אַריינגערופען זיין גרינגע שוועגערין און אונז פאָרגע־שטעלט. זי געפּעלט אונז ביידען. זי איז געוועזען אַ שעהנע מיידעל און ווי עס האָט אויסגעוויזען זיינען מיר איר אויך געפעלען. נאָר ווען געקשקע וואָלט גע־טראָגען זיינע קאוואלערסקע קליידער און איך מיין ארטילערסקע, וואָלטען מיר איהר בעסער געפעלען.

זי איז אוועק אין צווייטען צימער און ער הערט נישט אויף צו רעדען. און דאָס ביסעל ספּיריט איז געווען אזוי ווי מען וואָלט ארויפגיסען אייל אויפ׳ן פייער. דער הונגער האָט אזוי גענומען ברענען, עס איז געווען אַ גליק וואָס מיר זיינען געווען גענוג שטארק עס אויסצוהאלטען. און ער הערט נישט אויף צו רעדען. דערווייל האָט איהם זיין ווייב אריינגערופען עסען סאפער. האָבען מיר שוין פארשטאנען אַז קיין סדר וועט נישט זיין, און מיר האָבען געזאָגט אַ תירוץ, אז מען ווארט אויף אונז צום סדר. און מיר זיינען אוועק הונגעריגע מיט צודולטע קעפ; קוים געטראָפען צו אונזער קווארטיר; אַרויפגעדראפּעט זיך אויפ׳ן פינפטען פלאָר, דורכגע׳גנב׳עט זיך די באלעבאטים, געשעהמט זיך זיי קוקען גלייך אין די אויגען, צוליעב די דירה־געלט וואָס מיר זיינען געוועזען שולדיג. מיר זיינען אַרייך אין אונזער צימער און אַפילו פארגעסען אויף זיין גרינער שוועגערין.

אויף מאָרגען — געשלאָפען נאָך שפּעטער. אויפגעשטאנען, אוועק אין ווייטשעפעל, באגעגענען מיר א לאנדסמאן, וועלכער האָט נאָך אויסגעקוקט ערגער פון אונז. מיר האָבען מורא געהאט, אז ער וועט אונז באלד בעטען לייהען אַ גמילות חסד. מיר האָבען זיך מיט איהם צורעדט און איהם דער־צעהלט פון נעכטיגען לאנדסמאן. זאָגט ער: „דער ליגנער, דער בלאָפער! עס איז ביי אונז דאָ אַ לאנדסמאן, וואָס האָט אַ פאָר אלטע, צובראָכענע הייז־לעך און ער האלט זיי אין איין פארלאטען פאר איהם און פון דעם מאכט ער קוים אַ לעבען. און רעדט מיט איהם, מאכט ער גאנצע גליקען!״

מיר האָבען איבערגעלאָזט דעם לאנדסמאן און זיינען אַוועק . ווי זאָגט מען יגעתי מצאתי. מיר האָבען באגעגענט אַ באקאנטען, מיט וועלכען מיר פלעגען עסען אין קוך־שאָפּ. געזאָגט איהם דעם זעלבען ליגען, געליהען טאַ־פּענס, געקויפט עפּעס צום עסען, ארויף אין אונזער צימער, אָפּגעפּראוועט די סעודה, פארטרונקען מיט מים חיים און מיט דעם האָבען מיר אָפּגעפּראוועט דעם צווייטען טאָג פסח.

אויף מאָרגען, — עס איז געווען חול המועד, — זיינען מיר געשלאָפען נאָך שפּעטער. אויפגעשטאנען, אוועק אין בריק ליין. טרעפען מיר צוויי לאנדס־לייט שטעהענדיג אין אַ טהיר לעבען אַ שוך־געשעפט. ווען זיי האָבען אונז דערזעהן, האָבען זיי זיך מיט אונז אזוי דערפרעהט, ווי עלטערען וואָלטען

דערזעהן זייערע פארלוירענע קינדער. ווען זיי שעהמען זיך נישט, וואָלטען זיי אונז געכאפּט קושען.

זיי זיינען געווען עלטערע בחורים. זיי דערצעהלען אונז, אז זיי זיינען שוין איניגע יאָהר אין לאָנדאָן, ארבייטען פאר זיך, האלטען מענשען און דאָ טאקע אויבען אויפ׳ן שוך־געשעפט האָבען זיי צוויי צימערען און עס געהט זיי זעהר גוט.

מיר געבען זיי אַ גרוס פון דער היים פון זייערע פאמיליעס און אויך פון באקאנטע, און דערצעהלען זיי ווי מיר זיינען אנטלאָפען פון די סאָלדאטען ביז מיר זיינען געקומען אין לאָנדאָן. און גערשקע נעהמט זיי דערצעהלען, אז מיר אַרבייטען. דאָ האָב איך איהם מעהר נישט געלאָזט רעדען, ווייל מיך האָט פארדראָסען, אז צוליעב איהם הונגער איך אויך, ווייל איך האָב געקענט געהן צו מיין משפחה און עסען פסח. זיי וואָלטען מיר נישט אָבגעזאָגט און שפּע־טער וואָלט איך זיי באצאָהלט, נאָר געהן אליין און איהם לאָזען הונגערען, האָט מיין געוויסען מיר נישט דערלויבט; און נעהמען איהם מיט זיך, אַזוי ווי מען זאָגט, אן איידעם אויף קעסט, האָב איך אויך נישט געקאָנט.

זאָג איך צו די לאנדסלייט, אז זיי זאָלען איהם נישט גלויבען. מיר אר־בייטען נישט און שוין דער דריטער טאָג, אַז מיר האָבען נישט געגעסען. ווען זיי האָבען עס דערהערט, האָבען זיי אונז גלייך אריינגענומען אין אַ קוך־שאָפּ, וואָס איז געווען דערביי און געהייסען געבען עסען. האָבען צוויי וויטערס גע־מוזט דערלאנגען: איינער האָט נישט געקענט אוספּעיען.

## מיר ווערען א פאר ענגלענדער

און זיי האָבען געקליבען נחת און זיינען מקנא געווען אונזער אפּעטיט, ווייל זיי האָבען שוין נעבעך געהאט אינדידזשעסטשען, עסענדיג אַ לאנגע צייט אין די רעסטאָראַנען.

ווען מיר האָבען געענדיגט, האָבען זיי אונז אריינגענומען צו אַ בארבער, װעלכער איז געווען איבער׳ן וועג און געהייסען, אַז ער זאָל אונז אַרומשערען און אָפּגאָלען. און דאן האָבען זיי אונז אריינגענומען אין דער שוך־שאָפּ, וואו זיי האָבען געוואוינט און אונז געקויפט צו פּאָר נייע שיך, צו צוועלף שילינג אַ פּאָר. פון דאָרט זיינען זיי מיט אונז אַוועק איך פעטיקאוט ליין אין אַן אלטע־קליידער געשעפט און אונז געקויפט סוטס. מיר אַ העלען סוט פון אַ קאונטרי־מאן פאר אכט שילינג, איהם אַ טונקעלען סוט פון אַ גרויסען ענגלענדער, פאר צעהן שילינג. מיר אַ ווייכען הוט פאר אַ שילינג, איהם אַ היטעל פאר אַ סיקספּענס, ווייל ער האָט נישט געוואָלט קיין הוט. זיי האָבען אונז געקויפט צו נייע העמדער מיט קעלנער, וואָס האָט געקאָסט צו האלבע קרוין. טייס האָ־בען זיי אונז געגעבען אייגענע, וואָס זיי האָבען געהאט אַ סך. זיי וואָלטען אונז

געגעבען העמדער אויך, נאָר ס וואָלט געווען צו קליין, ווייל זיי זיינען געווען פיעל קלענער פון אונז.

הכלל, זיי האָבען אונז אויסגעקליידט, בגדי מלכות, און קלייבען נחת און קענען זיך אויף אונז נישט געגנוג אָנקוקען, אַזוי ווי מיר וואָלטען געווען זייערע קינדער; ווייל אַ פּאָר העלדישע יונגען זיינען מיר געווען. און פון גרויס שמחה ווילען זיי, אַז מיר זאָלען מיט זיי פּאָהרען אין דער וועסט ענד. און דאָ, נאָכ׳ן אָבעסענדיג אַ גוט מאָלצייט, האָט זיך מיר אזוי שטארק פארוואָלט רוי־כערען, אַז איך געה פשוט אויס. און זיי רויכערען נישט. האָב איך זיך אָנ־געגנומען מוטה און קלעהר: קאָסט זיי די חתונה אזויפיל, וועט זיי קאָסטען נאָך פינף שילינג. פיר שילינג דירה־געלט, וואָס דאָס האָט אונז זעהר געערגערט, ווייל זיי האָבען זעהר נויטיג געהאט דאָס געלד און אַ שילינג פאר ציגארעטען.

הכלל, ווי מען זאָגט, מען גיט איינעם אַ פינגער, שלעפּט ער די גאנצע האנד. כ׳האָב זיי געבעטען, אַז זיי זאָלען אונז, הונדערט מאָל מוחל זיין אויב עס איז מעגליך, און אונז לייהען פינף שילינג; און זאָג זיי אויף וואָס מיר דארפען עס. זיי האָבען אונז געגעבען אַ גאָלדענעם סאווערן, ווייל קיין פּאפּי־רענע איז נאָך דאן נישט געווען. איך בין גלייך אוועק, געקויפט צוויי פּעקלעך ציגארעטען און גיב זיי פופצעהן שילינג טשענדזש. זיי האָבען עס אונז גע־הייסען האלטען און מיר וועלען עס אָבגעבען ווען מיר וועלען קענען. נאטיר־ליך, מיר האָבען זיי נישט געקענט גענוג אָבדאנקען.

איך האָב זיי געבעטען, אז זיי זאָלען מיר ערלויבען אַ פּאָר מינוט, איך וועל נאָר אַרויפטראָגען די דירה־געלט און קום באלד צוריק. איך בין אַרויף געבען דאָס געלט די באַלעבאָסטע, דערקענט מיך נישט. איך באק אָב אַ ליגען, אַז מיר האָבען נישט געוואוסט, אַז מען דארף געבען דריי טעג נאָטיס אין פּאָסט־אָפיס, האָבען מיר ערשט היינט אַרויסגעקראָגען אונזער געלט; פאַרוואָס מיר האָבען זיך אַביסעל אויסגעקליידט. זאָגט זי: גרינע בלייבען גרינע...

איך דערלאנג איהר אכט שילינג אנשטאָט פיער, עס הייסט פאר דער וואָך אויך, פארוואָס זי האָט זיך נישט געקענט גענוג אָבדאנקען און איך זאָג איהר, אז איצט פאָהרען מיר אין דער וועסט ענד אביסעל פארברענגען. האָט זי געזאָגט אז מיר זאָלען זיין פאָרזיכטיג, נישט פארבלאָנדזשען. אַ גלאטער ליגען.

ווען איך בין געקומען צוריק האָבען זיי אונז געהייסען אַרויף אויף אַ באס, וואָס איז נאָך דאן געגאנגען מיט פערד. מיר האָבען פאררויכערט צו ציגארעטען. זיי דערצעהלען אונז די נעמען פון די גאסען, וואו דער באס פאָהרט אדורך און אויך די באוואוסטע בנינים.

איך קוק אויפ׳ן הימעל און טראכט, זאָל עס זיין מן השמים? מיט איניגע שטונדען צוריק זיינען מיר געווען אַ פּאָר אָבגעריסענע, הונגעריגע טרעמפּס

און איצט — אַ פּאָר זאַטע, אויסגעקליידעטע ענגלענדער מיט געלט אין קעשענע און פּאַפּיראָסען אין מויל. מען דערצעהלט אונז דורך וואַנען מיר פאָהרען דורך.

ניין, מיין חבר, עס איז נישט געווען קיין חול המועד יום טוב. עס איז געווען דער גרעסטער יום טוב אין מיין לעבען, וועלכען איך וועל קיינמאָל ניט פארגעסען; און אויף די לאנדסלייט האָב איך געקוקט ווי אויף צוויי מלאכים, געשיקט פון הימעל.

און אזוי טראַכטענדיג, זיינען מיר געקומען צו טראפאלגאר סקווער. מיר זיינען אַראָב פון באַס, באטראכט די לייבען, וועלכע זיינען זעהר גוט געמאַכט. זיי האָבען אונז דערצעהלט ווער עס שטעהט אויפ׳ן מאָנומענט: אַז עס איז לאָרד נעלסאָן, וועלכער האָט געוואונען די שלאכט ביי טראפאלגאר, וואָס איז געווען זעהר אַ גרויסער געווינס. דערפאר האָט מען איהם אוועקגעשטעלט אזוי הויך.

פון דאָרט זיינען מיר אוועק צום פארלאמענט. אויפ׳ן וועג האָבען זיי אונז געוויזען די ווהייטהאָל, וואו עס זיצען די אויסגעפוצטע סאָלדאַטען אויף פערד, וואָס מען רופט זיי די האָרס גאַרדס. אויך האָבען זיי אונז געוויזען נומער צעהן דאונינג סטריט, וואו דער פּרעמיער מיניסטער וואוינט; ביז מיר זיינען געקומען צום פארלאמענט.

באטראכט דעם פארלאמענט, וועלכער איז אין גאָטישען סטיל, זעהר גוט געמאכט, אויף וועלכען איך בין געווען אַ מבין, אַרבייטענדיג אַ לאַנגע צייט אויף קלויסטער־ארבייט.

פון דאָרט זיינען מיר אוועק צום קעניגס פּאלאץ, וועלכער איז מיר נישט זעהר געפעלען, ווייל מיין פאנטאזיע האָט פאָרגעשטעלט פיעל שעהנערס.

דאן זיינען מיר אוועק אין הייד פּאַרק, געשטאנען לעבען רעדנערס. זיי האָבען אונז ערקלעהרט וועגען וואָס עס האנדעלט זיך, ביז עס איז געוואָרען טי־טיים. האָבען זיי אונז אריינגענומען אין זעהר אַ רייכען אידישען רעסטאָראַן און געזאָגט, אַז מיר קענען עסען פּייסטעריס און טרינקען טהיי וויפיעל מיר ווילען, ווייל עס קאָסט אזויפיל פון אַ מענשען צי ער עסט און טרינקט יאָ צי נישט.

קלעהר איך, אז פאר אונז וועלען זיי שוין אומזיסט נישט דארפען צאָהלען. איך פרעג זיי וואָס איז פּייסטעריס, ווייל מיר האָבען עס נאָך נישט געגעסען. זאָגען זיי, אז עס איז כרעמזלעך. קלעהר איך, אז דאָס וועט זיין ווי מען זאָגט אַ יוון אַ צוקערלעקעך. הכלל, מען האָט דערלאנגט אַ שעהנעם טי־פּאָט טהיי, אַ דזשאַג מיט הייסע מילך און אַ טעצל מיט אכט פּייסטעריס. איך גלויב, אז די כלים זיינען געווען זילבערנע. זיי האָבען אָנגעגאָסען די טהיי און זיך גענומען אויף זייערע טעלערלעך צו פּייסטעריס. און איידער זיי האָבען גענומען אַ שטיקעל פּייסטערי, האָבען מיר מיט דריי זופּ טהיי געסעטעלט די אנדערע זעקס.

זיי האָבען געהייסען דערלאנגען נאָך אַ טעצעל מיט אַכט פּייסטעריס. מיר האָבען מיט זיי אויך נישט געמאכט קיין לאנגע שהיות. און זיי האָבען געהייסען דערלאנגען אַ דריטען טעצעל מיט פּייסטעריס. ביים דריטען טעצעל כאַפּען זיי אַ שמועס מיט דער ווייטערקע. איך הער זיי דערמאָהנען קאָזאַקס, סיביר. די ווייטערקע האָט גענומען קוקען אויף אונז פארוואונדערט. זי איז אוועק; זיינען די איבעריגע ווייטערקעס געקומען, אונז באטראכט און נאָך זיי האָבען די געסט גענומען קוקען אויף אונז; און די לאנדסלייט שמייכלען.

איך זעה עפּעס קומט דאָ פּאָר. איך פרעג די לאנדסלייט פארוואָס מען קוקט אויף אונז. זאָגען זיי, אַז די ווייטערקע האָט געזאָגט, אז מיר גלייכען שטארק זייערע פּייסטעריס. מיר עסען זיי נישט, נאָר מיר שלינגען זיי. האָבען מיר איהר געזאָגט, אז איהר זענט אַ פּאָר סיבירער קאָזאַקען, און שוין דריי טעג נישט געגעסען.

איז גערשקע׳ן שטארק געפּעלען געוואָרען דער שפּאס. האָט ער אַ רוק געטהאָן זיין היטעל אויף אַ זייט און גענומען דרעהען זיינע וואָנצען און עקטען אזוי ווי אַ קאָזאַק און ווינקען צו די ווייטערקעס. נאטירליך האָבען זיי אָנגעהויבען צו לאכען און אויף זיי קוקענדיג האָבען די געסט אויך אָנגעהויבען לאכען. הכלל, דער גאנצער רעסטאָראן האָט געלאכט און די לאנדסלייט האָבען זיך אזוי צולאכט, אז איך האָב זיך שטארק דערשראָקען. דער גאנצער פּנים איז זיי פאַרגאָסען מיט טרעהרען פון געלעכטער; און עס האָט גענומען אַ לאנגע צייט ביז זיי האָבען זיך בארוהיגט.

ווען זיי זיינען געקומען צו זיך, האָבען זיי געזאָגט, אז זיי האָבען זיך אזוי גוט נישט אמוזירט זייער גאנצען לעבען און אונז האָבען זיי אַ נאָמען געגעבען די סיבירער קאָזאַקען, וואָס עס האָט אָנגעהאלטען אַ לאנגע צייט.

און אָט אַזוי, מיין חבר, בין איך געוואָרען אַ סיבירער קאָזאַק.

נאָך יום טוב האָט זיך גערשקע געשטעלט ארבייטען ביי די לאנדסלייט. ער איז געווען פון זייער פאך. מיין מייסטער האָט שוין אויך געקראָגען ארבייט. אין אַ מאָנאַט ארום זיינען זיי אוועק נאָך אמעריקע מיט די ביליגע שיפס־קארטען און איך בין פארבליבען אין לאָנדאָן ביז׳ן היינטיגען טאָג.

און הלואי ווייטער!

---

# דעם ערשטען יום־כפור אין לאָנדאָן

דאָס האָט פּאסירט אין אָנפאנג פון צוואנציגסטען יאָהרהונדערט.

זייענדיג אין לאָנדאָן שוין נאָהענט פון זעקס מאָנאַטען, וואָס איך בין שוין געוועזען פארהייראַט און איבערגעלאָזט מיין ווייב אין דער אַלטער היים; און אלט זייענדיג אין גאנצען איין און צוואַנציג יאָהר, האָב איך קיינעם נישט געזאָגט, אז איך בין פארהייראַט און אויך קיינער האָט מיך נישט געפּרעגט.

געארבייט האָב איך פּאר אַ מייסטער, וועלכער האָט געזאָגט, אז ער איז אַן אנארכיסט. און אז אַ מייסטער זאָגט, איז דאָך נישטאָ וואָס צו רעדען; אויף רוסיש הייסט עס ניטשעווא גאווארייט!

דערנאָך האָב איך אויסגעפונען, אז ער האָט אזוי געוואוסט די תורה פון אנארכיזם פּונקט ווי איך. און דאן זיינען געוועזען אַ סך אזוינע אנארכיסטען.

אין דער לאָדזשע בין איך געוועזען ביי לאנדסלייט, וועלכע זיינען שוין געוועזען אַ פּאָר יאָהר אין לאָנדאָן און זיי, האָבענדיג אַ טאָכטער אביסעל יונגער פון מיר און וויסענדיג ווער איך בין פון דער היים, האָבען זיי מיך אָנגעהויבען מקרב זיין און געבעטען אז איך זאָל ביי זיי עסען שבת!

זיי ווילען מיר חתונה מאכען און מיך פרעגט מען נישט.

און זייער טאָכטער האָבען זיי געבעטען, אַז זי זאָל מיר ווייזען לאָנדאָן, אויף וויפיעל זי האָט שוין געוואוסט. און קיין סך בעטען האָבען זיי זי נישט געדארפט, ווייל איך בין געוועזען אַ שעהנער יונגערמאן מיט אַ קאָפּ געקרייזעלטע האָר און האָב אויך זעהר שעהן געזונגען אידישע און רוסישע לידער און באַגלייט אויף מיין גיטאר, פון וואָס זיי האָבען זיך נישט געקענט גענוג אָבּ־לויבען; פשוט ווי מען שרייבט אין די ראָמאַנען.

און שפּאצירענדיג אויפ׳ן וועג, האָט מיר זייער טאָכטער געלערענט רעדען ענגליש, אויף וויפיעל זי האָט שוין געקענט. און איהרע עלטערען האָבען אָנגעהויבען שטילערהייט זיך נאָכפרעגען אין דער טרייד וואָס פאַר אַ בעל־מלאכה איך בין.

אויסגעפינענדיג, אז איך בין זעהר אַ גוטער שניצער און אז איך וועל זיך נאָר אויסגרינען, וועל איך זעהר גוט פארדיענען, האָבען זיי געהייסען זייער טאָכטער צו מאכען אלע נאכט מיין געלעגער און אלע אין דער פריה מיר

געבען אַ קאָפּ אָוו טי און פּאַרבייסען. און די מיידעל האָט זיך אין מיר, נעבעך, שטארק פאַרליעבט מיט איהר גאַנצער יוגענט־קראַפט, אַז איך האָב אָנגעהויבען מורא האָבען, אַז איך וועל זיך נישט קענען באַהערשען און אַן אומגליק זאָל געשעהען.

וויסענדיג מיין לאַגע, אַז איך בין פאַרהייראַט, מען דאַרף נישט פאַרגעסען אַז איך בין אין גאַנצען דאַן אַלט געוועזען איין און צוואַנציג יאָהר, און עס האָט זיך געווענדעט נאָר אין מיר.

איך האָב געקעמפּט מיט אַלע מיינע קרעפטען, און האָב זיך אָנגעהויבען דערווייטערען פון איהר און דאָס האָט נאָך מעהר פאַרשטאַרקט איהר ליעבע צו מיר; זי פלעגט מיך פּשוט אויפּעסען. זי האָט זיך אויפגעהערט שעהמען אין קעגענוואַרט פון איהרע עלטערען צו זעצען זיך ביי מיר אויפ׳ן שויס און מיך אַרומנעהמען, גלעטען מיינע גקרייזעלטע האָר און זעהר אָפט מיר געבען אַ קוש, פון וואָסאָ איך פלעג זיך שטאַרק פאַרשעהמען, און געה לאָז זיך נישט. איהרע עלטערען, זעהענדיג דאָס,, האָבען אָנגעהויבען רעדען צווישען זיך און פאַר גוטע פריינד, אַז זיי וועלען אונז נישט לאָזען זיך לאַנג אַרומשפּילען. באַלד ווי איך וועל זיך נאָר אַביסעל אויסגרינגען, מאַכען זיי אונז חתונה! און שוין געזאָגט אין וואָסער שוהל די חופּה וועט זיין!

מיט די שכנים פון צווייטען הויז, מיט וועלכע זיי זיינען געווען צוקריגט, פּשוט שונאים אין לעבען, וואָס איך האָב פון דעם נישט געוואוסט, האָבען אויך געהאט אַ טאָכטער אין זעלבען עלטער ווי זייערע און נאָך אַביסעל שעהנער, האָבען זיי נישט פאַרגונען אַזאַ גליק; פּשוט נישט געקענט אויסהאַלטען. האָבען זיי געזוכט פאַרשיעדענע וועגען מיך אַריינצוקריגען צו זיי אין הויז.

און אַזוי געהענדיג אהיים אויף מיין לאָדזשע, שטעהט זייער טאָכטער אין טהיר און דערזעהט מיך, און זאָגט, אַז איהר מוטער וויל מיט מיר רעדען. זי גלייכט זעהר מיין זינגען און שפּיעלען אויפ׳ן גיטאַר.

איך בין אַריין. מען האָט מיך זעהר פיין אויפגענומען, געשטעלט כיבוד און די מוטער האָט געהייסען דער טאָכטער מאַכען טהיי. און אַליין הויבט זי אַן לויבען מיין זינגען און שפּיעלען אויפ׳ן גיטאַר און זאָגט, אַז זי האָט נאָך אַזוינס נישט געהערט אויף איהר גאַנץ לעבען. נאָך איהר מיינונג האָב איך געקענט אויפטרעטען אין גרעסטען טהעאַטער פון דער וועלט.

און נאָך אַזוינע לויבונגען אַז איך בין אַזש רויט געוואָרען. נאָר ווער גלויבט עס נישט, אַז מען לויבט איהם און נאָך אין דער קעגענוואַרט פון אַ שעהן מיידעל? און זי פרעגט מיך מיט וואָס איך באַשעפטיג זיך. איך זאָג איהר אַז איך בין אַ שניצער. זאָגט זי, און נאָך אַ שניצער און זי פרעגט וואו איך אַרבייט. איך זאָג איהר און זי פאַרשרייבט.

דערנאָך הויבט זי זיך אָן וואונדערען און זאָגט זי קען נישט פאַרשטעהן ווי אַזוי עס קאָן אַזאַ אינטעליגענטער יונגערמאַן, אַזאַ שעהנער זינגער

און שפּיעלער און נאָך אַ שניצער, זיין אין דער לאַדזשע ביי אַזוינע גראָבע מענשען, וועלכע זיינען דאָך פּשוט ווילדע חיות. און זייער טאָכטער איז אַן אויסוואורף און נאָך אַזוינע ווערטער, וואָס לאָזט זיך נישט שרייבען.

איך בין יענעם אָבענד געקומען אויף מיין קווארטיר שפּעטער ווי אימער, וואָס זייער טאָכטער האָט שוין אויף מיר אומגעדולדיג געוואַרט. די מוטער פרעגט מיך, וואָס עפּעס היינט אַזוי שפּעט? איך דערצעהל איהר, אַז מען האָט מיך אריינגערופען אין צווייטען הויז און מען האָט זעהר געליובט מיין זינגען און שפּיעלען אויפ׳ן גיטאר.

וואָס זאָל איך דיר זאָגען, ווען זי האָט עס דערהערט, האָט זי זיך אָנגעצונדען און געוואָרען רויט ווי אַ העלעשער פלאָם פייער, אַזוי ווי איך וואָלט איהר אַריינגעשטאָכען אַ מעסער אין האַרצען. און געעפּענט א מענה־לשון, אַז איך האָב נאָך אַזוינס נישט געהערט אויף מיין גאנצען לעבען.

איהר טאָכטער, וועלכע איז שוין נעבעך, געווען געוואוינט צו איהר מוטער׳ס קללות, האָט שוין נישט געקענט אויסהאלטען און אָנגעהויבען וויינען און בעטען זיך ביי איהר מוטער, אז זי זאָל אויפהערען. איהר מאַן, וועלכער איז געווען אַ שטילער מענש ביי נאטור, האָט זיך אויך גענומען בעטען. האָט ער, נעבעך, אויך געכאפּט אַ שעהן ביסעל קללות, און עס האָט געדויערט אַ לאנגע צייט ביז זי האָט זיך בארוהיגט.

ווען איהר טאָכטער האָט געמאכט מיין געלעגער, האָט זי פארענטפערט איהר מוטער און געזאָגט וואָס פאר אַ שלעכטע מענשען זיי זיינען פון דער צווייטער הויז און וואָס פאר אַ צרות זיי שטעהן זיך אויס פון זיי, און זיך ביי מיר געבעטען מיט טרערען, אז איך זאָל אַהין מעהר נישט געהן.

איך האָב זיי בארוהיגט און צוגעזאָגט, אז איך וועל אהין אָפּילו נישט אַ קוק טהון, און זי איז אוועק צופרידען. נאָר יענעם אָבענד האָבען מיר זיך נישט צוקושט.

ליגענדיג אויף מיין געלעגער, טראכט איך וואָס פאַר אַ נאַר איך בין געווען. האָב איך נישט געקענט פארשטעהן נאָך יענערס רייד, אז זיי זיינען נישט קיין גוטע פריינד און געקענט זאָגען אַ תירוץ? געארבייט שפּעט און נאָך אזוינע תירוצים. נאָר עס איז שון געווען פארפאלען, און די פאסירונג האָט מיר שטארק פארדראָסען, און איך בין די נאכט זעהר שלעכט געשלאָפען.

אויף מאָרגען, ווען זי האָט מיר דערלאנגט טהיי און פארבייסען, האָב איך איהר נישט געקענט קוקען גלייך אין די אויגען.

אין אָבענד, קומענדיג אויף מיין לאַדזשע, הער איך, אז די צוויי פרויען האָבען זיך אזוי געקריגט, אז די גאס איז געוואָרען פול מיט מענשען, און עס האָט שוין געהאלטען ביי פעטש, ווען עס קומט נישט אָן אַ פּאָליסמאַן און צונעהמט זיי און פארשרייבט זייערע נעמען און אדרעסען און געהט זיי אָנקלאָגען פאר שטערען די רוה.

מיך האָט עס שטארק פארדראָסען, אז איבער מיר זאָלען זיך צוויי אָרעמע ארבייטער פרויען קריגען. זיי זיינען אפילו געווען גרויסע קריגערס, נאָר נישא איבער מיר. און איך האָב אָנגעהויבען טראכטען ווי אזוי ארויסצו־דרעהען זיך פון דעם פלאָנטער. און מען טאָר עס נישט לאָזען ווייטער געהן, אַ רחמנות די מיידעל, וועלכע איז, נעבעך, אומשולדיג, וואָס איהרע אייגענע עלטערען האָבען זי פארפיהרט, נישט פרעגענדיג מיך צי איך בין פאר־הייראט.

## מיין ווייב קומט

ביי מיין מייסטער, וואו כ'האָב געארבייט, וועלכער האָט געזאָגט, אַז ער איז אַן נארכיסט, איז געווען אַן עלטערער בחור און געוואוינט מיט זיין מוטער אַן אלמנה. ער האָט געמאכט די שניצונגען פאר די סטאָליארעס אויפ'ן מעבעל, און עס פלעגט איהם אָנקומען זעהר שווער ביז ער פלעגט קריגען באַצאָהלט פאר זיין ארבייט, ווייל זיי זיינען דאן געווען זעהר אָרעם, קוים געמאכט אַ לעבען.

איך האָב ביי איהם געזאָלט פארדיענען אַ פונט אַ וואָך, נאָר צום באַ־דויערען איז זעלטען געווען אַ פולע וואָך ארבייט. פלעג איך דורכשניטליך פארדיענען פון פערצעהן ביז פופצעהן שילינג אַ וואָך. פון דעם האָב איך גע־מוזט צאָהלען צוויי שילינג אַ וואָך פאר דער לאָדזשע און דריי שילינג פאר שבת; און פאר די איבעריגע האָב איך געמוזט דורכלעבען די איבעריגע צייט פון דער וואָך.

און איך האָב שוין דאן געדרויכערט און זיך געמוזט גאָלען און אמאָל זיך אָבשערען, געהן אין אַ באָד און אמאָל פאררריכטען די שיך; נאטירליך וואָס אַ לעבעדיגער מענשע מוז האָבען. און אויף מיין אפעטיט האָב איך זיך דאן אויך נישט געקענט באקלאָגען. פארשטעהט זיך, אז איך האָב נישט געלעבט אין קיין גרויס לוקסוס, קוים דורכגעשטופט די וואָך, אַזוי ווי מען זאָגט און איך האָב מיין ווייב פון דעם קיין געלט נישט געקענט שיקען.

איך פלעג איהר שרייבען, אַז איך בין געזונד, וואָס איך בין דאַן טאַקע געווען, אָבער קוים וואָס איך לעב זיך דורך די וואָך. פילייכט וועט דער אויבערשטער העלפען און עס וועט ווערען מעהר ארבייט, און אפשר וועל איך קריגען אַ שטעלע ביי בעסערע ארבייט און וועל אָנהויבען מעהר פאר־דיענען, וועל איך איהר שיקען געלט און מיט דער צייט נעהמען צו זיך. דערווייל מוז זי האָבען געדולד.

צו מיינע עלטערען, וועלכע האָבען פון מיר גאָרנישט פארלאנגט, האָב איך געשריבען מוטיגע בריעף, אַז איך ארבייט און פארדיען; עס פעהלט מיר גאָרנישט. זאָלען זיי האָבען נחת. איך וועל זיך אין גיכען אַראָבנעהמען פאָטאָס און וועל זיי שיקען.

דערווייל האָט זיך מיר געמאכט קויפען אַ זייגער פאר צוויי שילינג, אַ מציאה. געוועהנליך שרייב איך זיי, אז איך האָב זיך געקויפט אַ זייגער. זאָלען זיי האָבען פארגעניגען.

און מען קען אפשר זאָגען, אַז אָט דער זייגער האָט געראַטעוועט די גאנצע סיטואציע.

ווען מיינע עלטערען האָבען דערהאלטען דעם בריעף מיט די נייעס פון זייגער, איז גראדע דאן געווען מיין ווייב ביי זיי צו גאסט. לעזענדיג דעם בריעף מיט די נייעס פון זייגער, פון וואָס מיינע עלטערען האָבען געהאט נחת, האָט עס מיין ווייב קיין פארגעניגען נישט פארשאפט, און זאָגט: „זייגערס קויפט ער זיך, פאָטאָס נעהמט ער זיך און דער ווייב לאָזט ער אויסגעהן פון הונגער!" און טראכט נישט קיין סך, פאָהרט אוועק אהיים און פארקויפט וואָס עס איז נאָר מעגליך אויף רייזע־קאָסטען. און אין אַ שעהנעם פרימאָרגען קומען די קינדער פון צווייטען הויז צו מיר אין ווערקשאָפּ און זאָגען מיר, אַז אַ איד האָט געבראכט מיין ווייב און אז מיין לאָדזשע מיסעס האָט זי נישט אריינגעלאָזט. האָט זי זייער מוטער אַריינגענומען און האָט אַוועקגעשיקט דעם איד, און אונז געשיקט נאָך אייך.

וואָס זאָל איך דיר זאָגען, ווען איך האָב עס דערהערט, בין איך געבליבען שטעהן, נישט וויסענדיג אויף וואָסער וועלט איך בין. וואָלט כאָטש דאָ געווען מיין מייסטער, וואָלט איך זיך מיט איהם געהאלטען אַן עצה. איז ער געווען אַוועק איינמאָהנען געלט ביי די סטאָליארעס. שלעכט! איך ווייס נישט וואָס צו טהון. דאָ איז די שאָפּ אַליין, דער מייסטער האָט דעם שליסעל. און געהן אהין, האָב איך אפילו מורא צו געהן נאָהענט לעבען דער גאס טאָמער טרעף איך מיין לאָדזשע־מיסעס און זי גיט מיר גוטע פעטש, וואָס איך וואָלט ווערט געווען און זי האָט געקענט. וואָרעם איך האָב זיי נישט געזאָגט אז איך בין פארהייראט. און מיר האָט זיך זעהר נישט געוואָלט ווערען אויסגעפאטשט פון אַ אידענע אין מיטען גאס. און געהן, וואו זי געפינט זיך, האָב איך אויך נישט געוואָלט, ווייל איך האָב אזוי ווי געשוואוירען, אז איך וועל אהין אַפילו נישט אַ קוק טהון. וואָס זאָל איך דיר זאָגען, איך בין געווען אין זעהר אַ פארצווייפעלטער לאגע. איך האָב זיך קוים איינגעבעטען ביי די קינדער, אז זיי זאָלען ברענגען מיין ווייב אהער.

און אזוי ווי די קינדער זיינען אוועק, איז געקומען מיין מייסטער.

איך דערצעהל איהם מיין לאגע און ער טרייסט מיך און זאָגט, אז דאָ אין לאָנדאָן טרעפט זעהר אָפט אזוינע זאכען און בייזערט זיך אויף מיר וואַרום איך האָב איהם נישט געזאָגט אז איך בין פארהייראט.

און אזוי רעדענדיג, זיינען די קינדער געקומען מיט מיין ווייב. מיר צו־קושען זיך. מיין ווייב ברעכט אויס אין אַ געוויין און זאָגט, אַז מען האָט איהר דערצעהלט, אז איך האָב געזאָלט חתונה האָבען מיט דער טאָכטער פון מיין לאָדזשע־מיסעס און זי איבערלאָזען אַן אייביגע עגונה.

איך האָב שוין געוואוסט פון וואַנען עס שטאמט. איך האָב זי בארוהיגט, און שטעל זי פאָר פאר מיין מייסטער און פרעג איהר צי זי האָט שוין עפּעס געגעסען. זאָגט זי, אז די קינדערס מוטער האָט איהר געגעבען זיסע טהיי מיט מילך און ווייסע ברויט מיט פּוטער.

איך פרעג איהר ווי אזוי זי איז געקומען אהער, זאָגט זי, אז אַ איד, וואָס האָט קוים גערעדט אידיש, האָט זי אַראָבגענומען פון טיש און געבראכט אויף מיין אדרעס. האָט זי מיין בעל־הבית׳טע נישט אריינגעלאָזט און נאָך געוואָרען אין כעס און אַ קלאַפּ געטהון די טהיר. האָט זי די קינדערס מוטער אַריינגענומען און אַוועקגעשיקט דעם איד און האָט געשיקט די קינדער נאָך דיר.

איך פרעג איהר: „וואו איז דיין לאגעטש? פארשטעהט זי נישט וואָס איך מיין. זאָג איך דיין באגאזש. זאָגט זי, אַז זי האָט אַלעס פארקויפט אויף רייזע קאָסטען. די איבעריגע האָט מען ביי איהר צוגע׳גנב׳עט אין וועג.

דערוויל איז געוואָרען מיטאָג־צייט. איך האָב די קינדער געגעבען צו דריי פּענעס און אוועקגעשיקט אַהיים. איך האָב זיי אָנגעזאָגט, אז זיי זאָלען באדאנקען זייער מוטער, וואָס זי האָט פאר מיין פרוי געטהון. און מיר זיינען אַוועק עסען מיטאָג אין רעסטאָראַן וואו איך עס שטענדיג.

איינעגע האָבען מיך אָנגעקוקט און מעהר באקאנטע האָבען מיך געפרעגט ווער די פרוי איז. איך האָב זיי געזאָגט. מיר האָבען געהאט צו טעלער זופּ און פלייש מיט קאַרטאָפּעל און ברויט, וואָס עס האָט באטראָפען איין שילינג און מיר זיינען אוועק. איך האָב אָנגעהויבען טראכטען וועגען אַ וואוינונג.

איך פרעג מיין ווייב צי זי האָט עפּעס געלט. ווייזט זי מיר פינף שילינג. ביי זיך האָב איך אויך געהאט אַזוי פיעל. ביי מיין מייסטער אין יאַרד איז געשטאנען אַביסעל צובראָכענע מעבעל, וואָס ער האָט אַרויסגעשטעלט אָדער ארויסגעוואָרפען, ווייל ער האָט זיך אריינגענומען נייע. איך האָב עס ביי איהם איינגעהאנדעלט פאר איין פונט אויף אויסצאָהלען.

עס איז געווען אַן אייזערנע בעט, איין טישעל, דריי בענקלעך און איין קאָמאָד.

מיר האָבען געפונען איין הינטערשטען צימער טאקע אין דער צווייטער גאס וואו איך האָב געארבייט, און דאָרט האָט אויך געוואוינט מיין מייסטער מיט זיין מוטער אין איין צימער מיט אַ קיטשען פאר זעקס שילינג אַ וואָך. אונזער צימער האָט געקאָסט דריי שילינג. מיר האָבען איינגעצאָהלט פאר איין וואָך פאָראויס און מיר דערצעהלען דער בעל־הבית׳טע אונזער לאגע. זאָגט זי אויב מיר וועלען קריגען אַ גוט־זאָגער, וועט זי אונז געבען איהר טרעוו־לער, וואָס גיט אלץ אויף אויסצוצאָהלען.

איך בין גלייך אוועק צום מייסטער און דערצעהל איהם וועגען דעם. זאָגט ער, אַז ער וועט גוט זאָגען פאר צעהן פונט.

## מיר ווערען בעלי-בתים מיט נײַן שילינג
## און פּראַווען אַ חנוכת-הבית

איך האָב געליהען אַ בערע, גענומען אין שאַפּ אַ האמער מיט נעגעל, אַרויפגעלייגט די מעבעל און קוים געבראַכט צו אונזער וואוינונג, ווייל די בערע האָט מיך געפיהרט, נישט איך די בערע זי האָט מיך אַרויפגעשלעפּט אויפ׳ן פייוומענט און דאַן ווידער אין מיט׳ן גאַס. וואונדערבאַר! אַזאַ קליי־ניגקייט, פיהרען אַ בערע דאַרף מען אויך קענען. קורץ, אַ גרינער בלייבט אַ גרינער!

איך האָב דערצעהלט דער באַלעבאָסטע פון דעם גוט־זאָגער און זי האָט אַוועקגעשיקט אַ קינד רופען דעם טרעוולער. און איך האָב גענומען פאַרריכ־טען די מעבעל און מיין פרוי האָט ביי דער בעל־הבית׳טע געליהען אַלע קלאַפּער־געצייג אויף צו וואַשען. דערווייל איז געקומען דער טרעוולער. איך האָב איהם דערצעהלט פון גוט־זאָגער, וועלכען ער קען און אויף וויפיעל ער וויל גוט־זאָגען. מיר האָבען אַלעס באַשטעלט, וואָס איז געווען זעהר נויטיג, אַפילו אַ פּאָר וועש פאַר מיין ווייב אויף צו בייטען, ווייל איהרע האָט מען ביי איהר צוגעגנב׳עט אין וועג, און אַ פּאָר וועש פאַר מיר, וואָס מיינע זיינען געבליבען אויף דער לאַדזשע, וואָס איך האָב אַהין מורא צו געהן.

עס איז געווען אַ גליק, וואָס איך פלעג מיטנעהמען די גיטאַר, ווען עס פלעגט זיין ווייניג אַרבייט, פלעג איך אויף איהר שפּיעלען אין דער פרייער צייט.

זיבען אַזייגער האָט דער טרעוולער געבראַכט אַלעס, וואָס מיר האָבען באַשטעלט. איך האָב שוין געהאַט אַלעס פאַרריכט און מיין ווייב האָט שוין געהאַט אַלעס אַרומגעוואַשען, אַפילו די ווינדעס מיט׳ן פלאָר. מיר האָבען אַלעס צושטעלט אויפ׳ן פּלאַץ. מיין ווייב האָט אויסגעבעט די בעט מיט איין וואַנט, אַזוי ווי אַ דיוואַן, מען זאָל אויף איהר קענען זיצען. און איך מיט׳ן טרעוולער זיינען אַוועק צו מיין מייסטער אונטערשרייבען דעם פּאַפּיר, וואָס האָט באַ־טראָפען ווייניגער ווי צעהן פונט.

און צוריק געהענדיג אויפ׳ן וועג האָב איך איינגעקויפט ברויט און פּוטער, טהיי און צוקער, פּיער הערינג און פּיטייטעס און אַ האַלב פלעשעל בראָנפען פאַר אַ שילינג און ניין פּענס. מיין ווייב האָט אַוועקגעשטעלט קאָכען די קאַרטאָפעל אין דעם נייעם טעפּעל, געמאַכט צורעכט די הערינג און אַוועק־געלייגט די נייע טישטוך. מיר האָבען געליהען אַ פּאָר בענקלעך און אַ פּאָר גאָפּעל און מעסער און אַרום אַכט אַזייגער איז געווען צוגעגרייט אַ סעודה, כיד המלך.

איך האָב אַריינגערופען מיין מייסטער מיט זיין מוטער, דעם לענדלאָרד מיט זיין פרוי, וואָס האָבען געוואוינט אין איין צימער מיט אַ קיטשען זאַלבע־זעקסט, מאַן און פרוי און פיער קינדער. אַ שכן, וואָס האָט געוואוינט אין

באַדערשטען צימער, מאַן און פרוי און אַ לאַנדסמיידעל פאַר פיער שילינג אַ וואָך, און מיר האָבען געפּראוועט אַ חנוכת־הבית ביז שפּעט אין דער נאַכט. איך האָב געזונגען און באַגלייט אויף מיין גיטאַר, וואָס זיי האָבען זיך נישט געקענט גענוג אָבלויבען.

איך האָב טאַקע יענעם אָבענד געזונגען מיט אַזוי פיעל געפיהל, אַז איך האָב זיך אַליין איבערטראָפען.

עס קען זיין, אַז די געשעהענישען האָבען אויף מיר אַזוי געווירקט. איך האָב געזונגען רוסישע ראָמאַנסען מיט אַזוי פיעל געפיהל, אַז איך האָב זיך אַליין געוואונדערט. פון צייט צו צייט פלעג איך זיך דערמאָהנען אויף דער מיידעל און ווערען טרויעריג, און אַ טראַכט טהון גאָט ווייסט ווי אַזוי זי האָט אויפגענומען די פּאַסירונג.

נאָר די גליקליכסטע פרוי אין לאַנדאָן איז דאַן געווען מיין ווייב. מיט אייניגע שעה צוריק האָט זי געזאָלט פאַרבלייבען אָן אייביגע עגונה און דאָ האָט זי אָן אייגענע היים און נעהמט צו געסט און אַלע ווינשען איהר גליק, פון דאַנען אין אָן אייגענער הויז! און נאָך אַזוינע ווינשעוואַניעס.

אַלע זיינען אַוועק זעהר צופרידען. זיי האָבען אונז באַדאַנקט פאַר׳ן גוטען אָבענד. גאַרנישט געקענט זיך געגוג אָבלויבען. מיר האָבען צוריק אַראָבגע־טראָגען די געליהענע בענקלעך און די גאָפּעל און מעסער.

## מיר האַלטען מלחמה

מיר האָבען אויסגעבעט די בעט, אַראָבגעדרעהט דעם לאָמפּ און אַוועק שלאָפען. נאָר איידער מיר זיינען נאָך איינגעשלאָפען זיינען אונז באַפאַלען די הונגעריגע מייז און וואַנצען, ווייל אַזוי ווי דער צימער איז געשטאַנען פאַר אַ צייט ליידיג זיינען זיי געוואָרען אויסגעהונגערט. האָבען זיך די מייז גענעבען אַ נעם צו אונזער פאַרבליבענעם ביסעל עסען און די וואַנצען — צו אונז אַליין...

מיר האָבען נעבעך געמוזט אויפשטעהן און אָנצינדען צוריק דעם לאָמפּ. די מייז, וועלכע האָבען מורא פאַר ליכטיגקייט, האָבען זיך אָבגעטראָגען צו זייערע טרענטשעס און נישט פאַרגעסען מיטנעהמען מיט זיך אונזער ביסעל עסען.

די וואַנצען, וועלכע זיינען נישט אַזוי שנעל, האָבען מיר אייניגע פון זיי פאַרכאַפּט אין פלען. נאָר די נאַכט זיינען מיר נישט געשלאָפען. מיר זיינען געווען מאַכטלאָז. מיר האָבען נישט געהאַט קיין געוועהר מיט זיי צו האַלטען מלחמה.

אויף מאָרגען אין דער פריה האָבען מיר עס געלאָזט וויסען אונזער לענד־ליידי. זי האָט אונז באַרוהיגט און געזאָגט, אַז זי איז אַ גרויסע בריה צו האַל־טען מלחמה מיט די חברה.

קלעהר איך, אז זי איז אזא בריה, היינט פאַרוואָס האָט זי זיי אַריינגעלאָזט אין איהר פּאַלאַץ?

איך בין אוועק צו דער ארבייט און מיין ווייב מיט דער לענדליידי זיינען אוועק איינקויפען די נויטיגע געוועהר און אמוניציע צו האלטען קריעג מיט די וואַנצען און מייז.

איך בין געקומען אין שאָפּ. מיין מייסטער האָט מיך זעהר פריינדליך באַגריסט און געווען זעהר צופרידען פון דעם חנוכת־הבית און מיר דערצעהלט, אז זיין מוטער האָט געזאָגט, אז עס איז ביי איהר געווען דער בעסטער אָבענד אין איהר לעבען, נעבעך. און דער מייסטער, פון גרויס צופרידענקייט, האָט מיר דערלייגט נאָך דריי שילינג אויף דער וואָך און מיר צוגעזאָגט פולע וואָכען ארבייט, פאר וואָס איך האָב איהם באדאנקט.

איך בין געקומען אהיים און עס דערצעהלט מיין ווייב און זי איז געווען העכסט צופרידען. איך האָב אָנגעהויבען שמעקען די ריחות פון דער אַמוניציע, וואָס מען האָט צוגעגרייט פאר די וואנצען און געזעהן די כאַפּ־שטייגען פאר די מייז. די ריחות האָבען צוגענומען דעם אפּעטיט פון סאפּער!

מיר האָבען מיט זיי געקעמפט איבער צוויי וואָכען, נאָר מיר זיינען זיי בייגעקומען. דערוויל איז אָנגעקומען דער הייליגער יום־טוב ראש־השנה. מיין ווייב האָט זיך געקויפט אַן אויסגעשטריקטע פּאטשיילע, וואָס איז דאן געווען אין דער מאָדע, פאר פיער שילינג און אַ פּאָר געלע שיך אויף אַ בערע פאר צוויי שילינג; אַ פּאָר ליימענע לייכטער פאר אַ זעקס פּענס אויף ליכט־בענשען. מיר האָבען איינגעפּיקעלט אַ סלאָי הערינג, אָבגעבאַקט קיכלעך. איך האָב זיך פאררוכט מיינע שיך און מיר זיינען געוואָרען יום־טוב׳דיג.

איך בין אוועק אין באָד לכבוד דעם הייליגען יום טוב און געווען זעהר פאָרזיכטיג, אַז איך זאָל, חלילה, מיין לאָדזשע־מיסעס נישט באַגעגענען, ווייל איך האָב פאר איהר געציטערט ווי פאַר פייער.

אין באָד טרעף איך אַ מאַן, וואָס פלעגט אהין אַריינגעהן און דאָס איז וואָס ער דערצעהלט מיר: ווען די מיידעל האָט דערהערט דעם קומען פון מיין ווייב, איז זי געפאלען אין חלשות און מען האָט געמוזט שיקען נאָך אַ דאָק־טאָר און עס האָט געדויערט אַ היבשע צייט ביז מען האָט זי אָבגעמינטערט. זי איז געלעגען איבער אַ וואָך גוט קראַנק. מען האָט געמיינט, אז זי וועט עס נישט אויסהאלטען. ווען זי איז בעסער געוואָרען, האָט זי אָנגעהויבען האָבען טענות צו איהרע עלטערען, אז זיי האָבען איהר אומגליקליך געמאכט און זי וועט שוין קיין אַנדערען נישט ליעבען און וועט שוין נישט חתונה האָבען. איהרע עלטערערן האָבען נישט געקענט צוזעהן די ליידען פון זייער טאָכטער און די צרות פון דער שכנה פון צווייטען הויז, וואָס פלעגט זיי האלטען אין איין אויפוואַרפען, אז זיי האָבען געוואָלט אוועקנעהמען אַ מאַן פון אַ ווייב, האָבען זיי אַלעס פארקויפט און אַוועקגעפאָהרען נאָך אַמעריקע מיט די ביליגע

בילעטן, וואָס עס האָט דאַן געקאָסט ווייניגער פון צוויי פונט פאר איין פערזאָן.

ווען איך האָב עס דערהערט, האָב איך זיך געפיהלט באַפרייט. עס האָט מיך זעהר פארדראָסען די ליידען פון דער מיידעל. נאָר בעסער אזוי, ווייל אויב עס וואָלט געדויערט לענגער, ווייס איך נישט וואָס עס וואָלט געשעהען.

איך בין געקומען אהיים, דערצעהלט מיין ווייב די נייעס פון וואָס זי איז געווען זעהר צופרידען. מיין ווייב האָט שוין געהאט אָבגעבענשט ליכט. איך האָב געהאט אַ רוסישע גלאָז טהיי און בין אוועק אין שוהל. איך קום אין שוהל, מען לאָזט מיך נישט אריין. מען בעט אַ בילעט. זאָג איך, וואָס איז דאָ אַ טהעאַטער, וואָס מען ברויכט אַ בילעט? זאָגט מען מיר, אז איך בין אַ גרינער און מען פרעגט מיך, צי איך דענק, אז דער חזן דאַווענט אומזיסט; און דער רב, זאָל געזונט זיין, און דער שמש דארפען נישט מאכען אַ לעבען? און נאָך פארשידענע אויסגאבען. און מ׳הייסט מיר געהן אין די לייך, וואו עס איז פאראן אַ פרייע שוהל, וואו מען דארף נישט קיין בילעט.

איך בין נישט געגאנגען. אַביסעל בין איך שוין געווען געכאפּט אין דער דעה, ארבייטענדיג ביי אַ מייסטער, וועלכער האָט געזאָגט, אז ער איז אַן אנארכיסט. איך האָב זיך ארומגעדרעהט ארום שוהל ביז מען האָט אָבגעדאַ־ווענט. איך בין געקומען אַהיים מיט אַ ברייטען גוט יום־טוב, דערצעהלט דער ווייב פון חזן, וועלכען איך האָב נישט געהערט, געמאכט אַ שעהנעם קידוש, געהאט אַ גאנץ שעהנע שטימע, און מיין ווייב האָט געזאָגט אמן, געהאט אַ יום־טוב׳דיגע סעודה און מיין ווייב שיינט. קיין גליקליכערע פון איהר איז אויף דער וועלט נישט געווען.

איך האָב אָבגעבענשט מיט אַזאַ פיינעם ניגון אז מיין ווייבעל האָט אָנ־געקוואָלען און געהאלטען אין איין זאָגען אמן, אפילו ווען מען האָט נישט געד־דארפט. מיר האָבען פארבראכט אַביסעל מיט די שכנים און זיינען אוועק שלאָפען. מיר האָבען געהאט אַ רוהיגע נאכט, ווייל אונזערע שונאים האָבען מיר שוין באזיעגט. אויף מאָרגען געהאט קאווע מיט קיכלעך און אוועק אין דער פרייער שוהל. נאָר איך האָב געדאווענט גאנץ ווייניג. ווידער געקומען אַהיים מיט אַ ברייט גוט־יום׳טוב.

אָט אזוי האָבען מיר פארבראכט ביידע טעג ראש־השנה. געגאנגען אַ ביסעל שפאצירען אין ווייטשעפּעל, ווייל איך האָב שוין קיין מורא נישט גע־האט און מיין ווייב איז געווען די גליקליכסטע פרוי אין ענגלאנד.

## איך ווער אַן אנארכיסט

נאָר צום באדויערען אזוי גליקליך ווי זי איז געווען ראש־השנה, אזוי איז זי נעבעך געווען אומגליקליך יום־כפור!

קומענדיג צו דער אַרבייט נאָך ראש״השנה, דערצעהל איך מיין מייסטער, אז מען האָט מיך נישט אריינגעלאָזט אין שוהל און מען האָט געבעטען אַ

בילעט. זאָגט ער, אז יום־כפור וועט ער מיך נעהמען אין זיין שוהל, וואו מען דארף נישט קיין בילעט.

ערב יום־כפור האָט ער מיך באשטעלט צו טרעפען אויף אַ געוויסען פלאץ אין אַ געוויסער צייט.

איך האָב זיך פארפאסט און בין אוועק אויפ׳ן באשטימטען פלאץ. ער האָט שוין אויף מיר געווארט. ער האָט מיך אריינגענומען אין פעלעם סטריט אין אנארכיסטען קלוב. מיר איז געוואָרען שלעכט. קיין גרויסער צדיק בין איך קיינמאָל נישט געוועזן, נאָר יום־כפור איז ביי מיר געוועזן זעהר הייליג. איך פלעג כמעט זיצען אין שוהל דעם גאנצען טאָג און דאַווענען מיט גרויס כוונה און גאנץ אָפט אַראָבלאָזען אַ טרעהר, ווייל מיין געוויסען פלעגט מיך פאר־פאָלגען, ווייל מען איז דאָך נישט מעהר ווי אַ זינדיגער מענש; און דורכ׳ן יאָהר קלייבט זיך אָן גענוג עבירות.

און דאָ זעה איך אידען מיט בערד און אָהן בערד געהן ארום און רויכע־רען, עסען און טרינקען, אַזוי ווי נישט זיי מיינט מען. יום־כפור צו כל־נדרי, ווען אַ פיש אין וואַסער ציטערט — און זיי קימערט עס גאָרנישט. איך שטעה און טראכט, אז באלד וועט אראָבפאלען אַ דונער און וועט אונז אלעמען דערהרג׳ענען...

דערווייל איז אויף דער ביהנע ארויף אַ רעדנער מיט׳ן נאָמען ישעיה יאנאוווסקי און גענומען רעדען. וואָס זאָל איך דיר זאָגען, איך האָב שוין אויף מיין לעבען געהערט מגידים, נאָר אזא מגיד האָב איך נאָך נישט געהערט.

איך האָב געשלונגען יעדער וואָרט. ווארום זאָלען טאקע איניגע האָבען צופיעל און אנדערע צו ווייניג? דער וואָרט צו איז איבעריג, מען מוז איהם אויסראָטען מיט׳ן וואָרצעל. און איך הויב שוין אָן ווערען אַן אנארכיסט.

נאָך איהם איז ארויף אַ דעקלאמאטאר מיט׳ן נאָמען באנאף, וועלכער איז געוועזן אַ גרויסער קינסטלער און ער האָט דעקלאמירט עדלשטאדטס „קינדער־מערדער״: ווי אַ פאָטער בעט ביי אַ דאָקטאָר, אז ער זאָל טויטען זיין ניי־געבוירענעם זוהן, ווייל ער קען איהם נישט אויסהאלטען. הערענדיג דאָס, בין איך שוין געוואָרען אַ גאנצער אנארכיסט.

דערווייל האָט מיר מיין מייסטער צוגעטראָגען אַ גלאָז בראנפען און פארבייסען. און אז אַ מייסטער גיט, קען מען קיין דבר־אחר נישט זיין, בפרט, וועלכער איז נאָך אזוי גוט צו מיר. איך האָב עס אריינגעגאָסען אויפ׳ן רוסישען שטייגער, פארביסען מיט בייגעל און הערינג אוןווארט, אז מיט מיר זאָל עפּעס געשעהען...

דערווייל האָט מען צוגעשיקט פון אַ שוהל, וועלכע איז געוועזן נישט ווייט, כוליגאנעס, אז זיי זאָלען מאכען אַ סקאנדאל.

מען האָט זיך גענומען שלאָגען מיט לעמאָניד באָטעלס און ביר באָטעלס און עס איז געוואָרען פרעהליך. מיין מייסטער, וועלכער איז געוועזן נישט קיין

שלעגער, האָט זיך ארויסגערוקט און מיך מיטגענומען. און נאָך אייניגע אזוי ווי ער. מיר זיינען אַריין אין אַ שענק און מען האָט געגומען טרינקען ביר און זיך בייזערען אויף דער שוהל וואָס האָט צושטערט אונזער אונטערנעמונג.

איך, פון די אלע געשעהעגישען און פון דער גלאָז בראנפען און עטליכע גלעזער ביר, בין געוואָרען גוט שכור און מיין מייסטער האָט מיך געמוזט אָבפיהרען אַהיים.

ווען מיין ווייב האָט מיך דערזעהן, טהוט זי אַ געשריי: „אַ קלאָג צו מיר, וואָס זעה איך? מיין מאן יום־כפור צו כל־נדרי שכור!“ און זי ברעכט אויס אין אַ געוויין און הויבט זיך אָן בענשען און זאָגט, אז הלואי וואָלט זי בעסער דערטרונקען געוואָרען אין וועג; הלואי וואָלט זי בעסער בלייבען אָן אייביגע עגונה און נאָך אַזוינע „ברכות“ איידער צו זעהן איהר מאן יום־כפור צו כל־נדרי שכור.

די ערגסטע זאך וואָס רעגט מיך אויף איז טרעהרען. איך ווער פשוט ווילד. איך האָב געגעבען אַ קלאַפּ אין שוואַכען טישעל, וועלכער איז באלד צופאלען און געגעבען אַ געשריי: „שטיל זאָל זיין! איך בין אַן אנארכיסט!“

זיינען זיך צוזאמענגעלאָפען אלע שכנים. זעהענדיג מיך צוזאַמענשטעלען דעם טישעל און מיין ווייב וויינען, האָבען זיי זיך גוט דערשראָקען און גע־מיינט גאָט ווייסט וואָס פאר אַ ווילדע מענשען זיי האָבען דאָ אַריינגעקראָגען.

איך האָב זיי געהייסען זיך זעצען און זיי האָבען מיך געפאָלגט פאר מורא, ווייל איך בין געווען גרעסער פון זיי. איך האָב געענדיגט צוזאַמענ־שטעלען דעם טישעל און די פאסירונג האָט מיך אויסגעניכטערט און באַ־רוהיגט.

איך הויב זיי אָן צו ערקלעהרען, אַז איך בין געוואָרען אַן אַנאַכיסט. און זאָג זיי, אז די אנארכיסטען זיינען גערעכט, ווארום זאָלען טאקע אנדערע האָבען צופיעל און אנדערע גאָרנישט? זיי האָבען מיט מיר איינגעשטימט, ווייל זיי זיינען, נעבעך, אַליין אויך געווען גרויסע אָרימעלייט.

נאָר ביים אַוועקגעהן האָבען זיי נישט פארגעסען צו זאָגען „אַ גוטע נאכט, אנארכיסט“, און אויף מאָרגען, טרעפענדיג מיך אין דער פריה, אָבגעגעבען „אַ גוט מאָרגען אנארכיסט“.

הייסט עס, אז מיין ריכטיגען נאָמען האָב איך שוין פארלוירען. און טראָ־גען אַ נאָמען אומזיסט האָב איך נישט געוואָלט. האָב איך זיך געקויפט עדעל־שטאדט׳ס דעקלאמאציעס און זיך גענומען לערנען דעקלאמירען. געוואָלט ווערען אַ צווייטער באנאף, וועלכער איז מיר זעהר געפעלען געוואָרען מיט זיין דעקלאמירען.

איך האָב זיך געלערענט ביי דער ארבייט, פון וואָס מיין מייסטער האָט געקליבען גרויס נחת און איך האָב געהאט ערפאָלג, ווייל איך האָב אין זיך דעם אייגענשאפט, אז איך נעהם זיך ע פעס אונטער, מוז איך עס אויספיהרען.

איך האָב דעקלאַמירט מיט זעהר גרויס ערפאָלג אין ארבייטער קלוב, וואָס איז דאן געווען אין ליטעל עלי סטריט און אויף אַ קאָנצערט האָט אונזער אומשטערבליכער שלום־עליכם פאָרגעלעזען זיינע דערצעהלונגען.

איך האָב דעקלאמירט אין דזשובילי סטריט אין אַן אנארכיסטען קלוב מיט זעהר גרויס ערפאָלג. און אויף איינעם פון די קאָנצערטען האָט גערעדט גראף קראפאטקין.

אויך אין יענער צייט האָט גאָלדענבערג צוזאַמענגעשטעלט אַ אידישע טרופע און איך בין געווען דער ערשטער מעמבער און ער האָט געזאָגט, אַז איך וועל זיין אַן ערפאָלגרייכער אקטיאָר.

נאָר קומענדיג אהיים שפּעט פון דער פּראָבע, האָט מיך מיין ווייב מעהר נישט געלאָזט געהן און געזאָגט, אז עס איז איהר גענוג ביטער צו האָבען אַ מאן אַן אנארכיסט, וויל זי נישט קיין אַקטיאָרען, וואָס האלטען אין איין בייטען די ווייבער. אָט אזוי בין איך געוואָרען אויס אַקטיאָר און ווער אויך אויס אנארכיסט.

## איך ווער אויס אנארכיסט

איך טרעף מיין לאנדסמאן און פרעג איהם, וואָס מאכט עפּעס דער אנאר־כיסט? ענטפערט ער, אז ער איז שוין אויס אנארכיסט.

איך פרעג איהם וואָרום. זאָגט ער, אַז עס איז נאָך דאָ צופיעל צוויי פוסיגע בהמות און חיות, וואָס דארפען נאָך האָבען געזונטע פאסטוכער מיט אייזערנע בייטשען ביז זיי וועלען זיך אליין קענען פיהרען.

אפשר ווען משיח וועט קומען.

איך פרעג איהם און וואָס ביזטו איצט? זאָגט ער, אַ קאָמוניסטישער ציוניסט.

און וואָס מיינט דאָס? פרעג איך איהם. ענטפערט ער, אלס איד, גלווי־בענדיג אין משה׳ס תורה, וואו ער זאָגט נעהם נישט מעהר וויפיעל דו דארפסט; און ווען איינער האָט גענומען מעהר האָט ער געמוזט ארויסווארפען, ווייל עס איז קאליע געוואָרען. און טאָמער האָט ער געהאט איין קאפּיטאליסט, קורח׳ן, האָט ער איהם געשיקט אין דער ערד אריין מיט זיין גאנצענער כאלאסטרע. און ווען איניגע פון זיינע לייט האָבען אָנגעהויבען דיענען דער גאָלדענער קאַלב, האָט ער זיי גוט צובראָכען די ביינער. דערפאַר בין איך אַ קאָמוניסט.

„און אַ ציוניסט בין איך“, זאָגט ער ווייטער, „אַזוי ווי איך וויל. ווערען אַ שותף צו די אומות העולם, וויל איך האָבען אַ היים, אז זיי זאָלען קענען קומען צו אונז און עסען אונזערע געפילטע פיש. וועט זיי דאן נישט קימערען, אז מיר וועלען עסען זייערע פרייד פיש אפילו מיט טשיפּס און פארזופען מיט אַ רוסישען בארשטש און פארבייסען מיט מאמעליגע אָדער מאקאראנעס. אָט דערפאַר בין איך אַ ציוניסט“.

# דער לאָנדאָנער בעל־מפטיר

## וועלכער האָט אָבגענארט דעם טאַטען פאר ראש־השנה

דאָס האָט פּאסירט אין יאָהר טויזענד נײַן הונדערט און צוועלף, אַ חודש פאר ראש־השנה.

דערהאלטענדיג אַ בריעף פון מיין פאָטער, אַז ער פאָהרט ארויס נאָך לאָנדאָן זעהן ווי אזוי עס לעבט זיך דאָ זיין טרעטשאק — אַזוי האָט ער מיך געדופען, זייענדיג דער דריטער פון מיינע ברידער; הערענדיג פון אזא טייער־רען, ליעבען גאסט, האָב איך אָנגעהויבען טראכטען מיט וואָס און ווי אזוי איך קען איהם צופרידען שטעלען.

מיין פאָטער, וועלכער איז געווען אַ היימישער, פרומער איד, נישט קיין פאנאטיקער און אויך נישט קיין גרויסער לערנער, נאָר האָט אָבגעהיט אַלע דינים פון אידישקייט.

די באָרד, חלילה, קיינמאָל נישט געשוירען. זעהר אָפט געזאָגט אַ קאפיטעל תהלים, אַלע שבת מעביר׳ן די סדרה פון דער וואָך; זומער געזאָגט פרק, ווינ־טער ברכי־נפשי; וועגען דאווענען דריי מאָל אין טאָג — פון דעם איז שוין אָבגערעדט.

זעהר זעלטען געזעצט זיך צום טיש אָהן אַן אורח, און קיינמאָל נישט אָבגעזאָגט אַ נדבה געבען וויפיעל ער האָט נאָר געקענט. און זיין ווייב און קינדער זיינען ביי איהם געווען טייערער ווי זיין לעבען.

ער האָט זעהר ליעב געהאט צו הערען און אויך געקענט דערצעהלען אַ גוטען וויץ, און נישט פיינט געהאט אַ גוט ביסעל בראנפען מיט אַ שטארקען שמעק טאבעק. און זיין גרעסטער פארגעניגען איז דאָס ביי איהם געווען אין שוהל.

איך האָב נאָך דאן צו קיין שוהל נישט באלאנגט. עס איז געווען אין דער השכלה־צייט. נאָר וואָס טהוט מען נישט צוליעב כבוד־אב?

איך, האָבענדיג אין זיך די אייגענשאפט צו מקרב זיין עלטערע מענשען, וועמען צו דערצעהלען אַ גוטען וויץ, זיי מאכען צום לאכען און וועמען מיט אַ פּאָר שילינג, אויב זיי האָבען זיך גענויטיגט, און וועמען מיט אַ טרונק בראָנפען אָדער ביר, אַבי זיי מאכען פרעהליך.

לעבען מיין געשעפט איז דאָ אַ שוהל און אויך אַ שענק. דער גבאי פון שוהל, וועלכער איז געוועזן אַן עלטערער איד, וואָס זיינע קינדער האָבען איהם אויסגעהאלטען, האָט זעהר ליעב געהאט אַ שנאַפּס, וואָס איך האָב ניט פיינט.

איז ווען איך פלעג איהם נאָר דערזעהן, אַריינרופען אין שענק און מכבד זיין מיט אַ גוטען לחיים און אויך נישט פארגעסען אין זיך. און ער, זאָל מיר מוחל זיין, איז נאָך געוועזן אַ גערסערער עם־הארץ פון מיר. איך, אַזוי ווי אין מיין יוגענט האָב זעהר וויניג געלערענט דורך געוויסע אומשטענדען, ווען איך בין עלטער געוואָרען, האָב איך זעהר געגליכען צו הערען ווי מען לערענט.

און ווי זאָגט מען, אז מען דרעהט זיך לעבען אַ פעטען טעפּעל, שמירט מען זיך איין... איך האָב זיך אויסגעלערענט אַ סך העברעאישע ווערטער און אויך געלעזען די אידישע געשיכטע פון פּראָפעסאָר גרעץ און בין געוואָרען אַ גאַנצער קענער; און כ׳פלעג עס נוצען וואו נאָר כ׳האָב געהאט אַ געלעגענהייט, און פלעג זיין זעהר פאָרזיכטיג איך זאָל נישט אַריינפאלען.

האָבענדיג אַ טרונק מיט׳ן גבאי, פלעג איך אויסנוצען מיין גאנצע קענטעניש. און ער האָט, נעבעך, ערענסט געגלויבט, אז איך קען.

הערענדיג וועגען מיין פאָטערס קומען, זאָג איך דעם גבאי, אז איך וויל ווערען אַ מעמבער אין זיין שוהל. ווען ער האָט עס דערהערט, האָט ער זיך אַזוי דערפרעהט, ווי ער וואָלט דערהערט שופר של משיח; ווען ער שעהמט זיך נישט, געהט ער טאנצען.

און איך דערצעהל איהם וואַרום. אזוי ווי מיין פאָטער קומט צו פאָהרען, וועלכער איז אַן עלטערער איד און מיין שוהל איז זעהר ווייט פון דאַנען; נאָר ער טאָר בשום אופן נישט וויסען, אַז איך בין ערשט געוואָרען אַ מעמבער, עס זאָל הייסען אַז איך בין שוין אַן אַלטער מעמבער. און ווען איך וועל, אם ירצה השם, קומען מיט איהם אין שוהל, זאָל מען איהם פיין אויפנעהמען. און אויב עס וועט זיין אַ טאָג, ווען מען לייענט, זאָל מען איהם געבען אַן עליה, מיר זיינען כהנים. און שבת זאָל מען מיר געבען מפטיר, פארוואָס איך וועל גוט באצאָהלען.

און זייענדיג אין שענק, הייס איך דעם גבאי, אז אלע אין דער פריה, נאָכ׳ן דאַוונען, זאָל ער אהער אריינגעהן מיט מיין פאָטער און מאכען אַ גוטען לחיים, פארוואָס איך וועל באצאָהלען. נאָר ער טאָר דערפון אויך נישט וויסען; עס זאָל הייסען, אַז איהר זייט זעהר צופרידען פון זיין זוהן, דערפאר זייט איהר איהם מכבד מיט אַ לחיים.

און איך לאָז פון דעם וויסען דעם שענקער, אז ער זאָל זיי געבען די בעסטע בראנפען און אַ בעל הבית׳ישע מאָס. און דער גבאי מיט׳ן שענקער האָבען באלד איינגעשטימט.

ווען מיין פּאָטער איז בשלום געקומען און כ׳בין מיט איהם אַריין אין שוהל, האָט מען איהם אזוי אויפגענומען ווי ער וואָלט געווען זעהר אַ באריהמטער מגיד. אלע מתפללים האָבען איהם געגעבען „שלום״ און געוואונשען ברוך־הבא. און עס איז טאקע געווען אַ טאָג וואָס מען לייענט, מען האָט איהם גע־געבען אַן עליה. נאָכ׳ן דאַווענען האָב איך געשטעלט בראנפען און פאַרבייסען, און מען האָט זיך משמח געווען. נאָר צופרידענער פון אלע איז געווען דער גבאי מיט מיין פּאָטער.

אויף מאָרגען איז ער שוין אַליין אוועק אין שוהל, און איך האָב געזאָגט אַ תירוץ. קומענדיג פון שוהל דערצעהלט ער מיר, אז דער גבאי קען זיך גאָר פון דיר נישט געגוג אָבלויבען און ווינשט זיך, הלואי קען ער כאָטש לערנען אַ צענט חלק פון דיר; און האָט מיך מכבד געווען מיט אַ גוטען לחיים.

מיין פּאָטער באטראכט מיך און פרעגט פון וואַנען איך קען עס אזוי גוט לערנען. ער האָט, נעבעך, געוואוסט וואָס פאר אַ תנא־ברא איך בין געווען אלס אינגעל. איך האָב איהם געזאָגט אַ ליגען צוליעב דרך־שלום.

שבת איז מען מיר מכבד מיט מפטיר. איך, וויסענדיג פון דעם, האָב דורך דער וואָך, נאטירליך שטילערהייט, גוט איינשטודירט. אַ שטימע האָב איך געהאט אַ גוטע און זייענדיג אויך אַן ערפאָלגרייכער דעקלאמאטאָר, האָב איך אָבגעזונגען אַ מפטיר, אז אלע זיינען נתפעל געוואָרען און האָבען געזאָגט, אַז זיי האָבען נאָך אַזוינס אויף זייער לעבען נישט געהערט.

דער חזן, ווינשענדיג מיר אַ יישר־כח, האָט מיר שטארק געדריקט די האנד און געקלאפּט אין פּלייצע און דער גבאי איז צוגעלאָפען צו מיין פּאָטער און איהם געפרעגט: „נו, וואָס האָב איך אייך געזאָגט, אז ער איז אַ קענער?״

מיין פּאָטער, פון גרויס שמחה, האָט אזש אָנגעהויבען וויינען און מיך שטארק געדריקט צום הארצען, און אזוי האָב איך אָבגענארט מיין פּאָטער.

ער האָט דאָ פארבראכט קארגע דריי וואָכען און געזעהן מעהר פון לאָנ־דאָן ווי איינער וואָס לעבט דאָ אָב זיין גאנצען לעבען.

ביי זיין אַוועקפאָהרען האָב איך געמאכט אַ סעודה אין שוהל און ער איז אַ גליקליכער אוועקגעפאָהרען. ווען ער איז בשלום געקומען אהיים, שרייבט מיר מיין מוטער:

„ליעבער זוהן, דער טאטע קען זיך גאָר פון דיר נישט געגוג אָבלויבען. ער באריהמט זיך פאר אלעמען, אז מפטיר קען נאָר זאָגען זיין טרעטשאק און מעהר קיינער נישט; און געלערענט איז ער אזוי גוט, אז דער גבאי אַליין האָט זיך געוואונשען, הלואי קען ער כאָטש אַ צענט חלק פון דיר״.

ער האָט, נעבעך, געמיינט, אז אַ לאָנדאָנער גבאי מוז אויך קענען לערנען ווי ביי אונז אין דער היים.

אנטייל וועגען די קליידונג פון די תלמוד־תורה קינדער. חנוכה און פורים מאך פאר זיי אַ סעודה און זומער זיי אויסנעמען אין וואַלד אָדער צום ים און משמח זיין זיי. און יעדער יאָהר זאָג איך דעם איינשטודירטען מפטיר צום אָנ־דענק פון מיין פאָטער, וועלכער איך האָב שוין צום באַדויערען, מעהר נישט געזעהן. און אַזוי בין איך פארבליבען דער לאָנדאָנער בעל־מפטיר, פון וועלכען דער עולם איז זעהר צופרידען...

# דער גענעראַל און דער פּערדישער נביא

עס האָט פּאַסירט אין יאָהר 1920. אויסנעהמענדיג אַלע זומער די תּלמוד־תּורה קינדער אין וואַלד אָדער צום ים און משׂמח זיין זיי, איז דער יאָהר געווען אַן אויסנאַהם, ווייל מיר האָבען זעהר פיעל זיך אָנגעלאַכט.

איינער פון אונזער קאָמיטעט, זייער אַ היציקער פרומער איד מיט אַ באָרד און לאַנגע פּייעס און איז געגאַנגען מיט אַ שטעקען; צי איין פוס איז איהם געווען לענגער פון דער צווייטער ווייס איך נישט נאָר ער האָט פיין אונטער־געהונקען, אָט דער איד איז געוואָרען זעהר באַגייסטערט, און עס האָט זיך איהם פאַרגלוסט צו ווערען אַ גענעראַל.

אַזוי ווי עס זיינען דאָ פיעל שטאַמלער, וואָס ווילען רעדען אַ סך, אַזוי האָט זיך איהם פארגלוסט לויפען אַ סך. איז ער באַלד אַוועקגעלאָפען און געקויפט די קינדער זיסקייטען און צוגעזאָגט געבען יעדען צו זעקס פענעס אַז זיי זאָלען זיין געהאָרכזאַם און פאָלגען אַלע זיינע באַפעלען.

האָט ער אָנגעטהון זיין הוט אַ לאַ־נאַפּאָלעאָן און געמאַכט זיין שטעקען פאַר אַ פערד, און גענומען אַרומלויפען, אויסשטעלען די קינדער אין רייהען, ווי זעלנער.

מיר האָבען זיך, נאַטירליך, צולאַכט פון דער סצענע. נאָר אויף די קינ־דער איז נעבעך געווען אַ גרויסער רחמנות. זיי האָבען מורא געהאַט צו לאַכען, כּדי זיי זאָלען נישט פאַרלירען די צוגעזאָגטע זעקס פענעס. ווען אָבער ער האָט געענדיגט זיי אויסשטעלען אין די רייהען און איז אַוועק פאָראויס צו פיהרקען די „אַרמיי", האָבען זיך די קינדער שטאַרק צולאַכט און גענומען נאָכמאַכען ווי ער הינקט.

היינט שטעלט אייך פאָר אַ הינקענדיגען גענעראַל מיט באָרד און פּאות מיט אַ הינקענדיגער ארמיי!

אַז מיר זיינען דעמאָלט לעבען געבליבען פון געלעכטער, זיינען מיר געווען שטאַרקער פון אייזען. פאַר׳ן רבי׳ן, זאָל געזונד זיין, האָבען מיר זיך אין גאַנצען דערשראָקען. זיין פּנים איז געווען פאַרגאָסען מיט טרעהרען פון געלעכטער, און עס האָט גענומען אַ היבש ביסעל צייט ביז ער האָט זיך בארוהיגט. ווען ער איז ענדליך געקומען צו זיך, האָט ער געזאָגט, אַז ער האָט נאָך אַזוי הארציג נישט געלאַכט זינט ער געדענקט, און אויך אַזאַ סצענע נישט געזעהן.

געפינענדיג זיך אין אזא פרעהליכער אטמאָספערע, רופט זיך אָב איינער אַ מיטגליעד פון קאָמיטעט, אז מאָרגען קומט פאָר זעהר אַ באריהמטער פערדלעך־געיעג, וואָס דער קעניג מיט דער קווין דארפען זיין דערביי. וואָלט געווען אַ פלאן, אז מען זאָל דינגען איינע פון די קאָוטשעס, מיט וועלכער די קינדער זיינען געקומען, און דער קאָמיטעט זאָל פאָהרען זעהן דעם געיעג און אויך זוכה זיין צו זעהן דעם קעניג מיט דער קווין.

מיר האָבען אלע איינגעשטימט. מיר האָבען געדונגען איינע פון די קאָוטשעס: די „תלמידי חכמים פון הלכות פערדלעך" האָבען זיך איינגע־קויפט די נויטיגע „ליטעראַטור"; אויך האָט מען נישט פארגעסען קויפען אַביסעל בראנפען מיט פארבייסען, און אויף מאָרגען, ניין אזייגער אין דער פריה, זיינען מיר אוועקגעפאָהרען.

„די תלמידי חכמים" האָבען זיך צוזעצט שטודירען די „תורה" פון הלכות פערדלעך. איך, זייענדיג אן „עם־הארץ" אין דעם ענין, האָב אַריינגענומען אין געדאנק, אז דעם ערשטען נאָמען פון אַ פערדעל, וואָס איך וועל הערען, קומענדיג אויפ'ן פלאץ, זאָל איך „בעקען". און איך האָב אויך באַשלאָסען וויפיעל איך זאָל ארויפשטעלען. איך האָב געמאכט אַ גוטען „לחיים" און פאר־ביסען, און קוק זיך איין אויף דער לאנדשאפט, וואָס איך האָב זעהר ליעב, דורך וואנען די קאָוטש פאָהרט דורך.

מיר זיינען דורכגעפאָהרען שטעדט, שטעדטלעך, דערפער, וועלדער, פעלדער, פארבייגעפאָהרען וואסערען, ביז מיר זיינען בשלום אָנגעקומען אויפ'ן געוואונשטען פלאץ. מיר זיינען אריין וואו דער קעניג מיט דער קווין געפינען זיך. איך הער אַ נאָמען פון אַ פערדעל, אויף וועלכען מען לייגט ניין צו צוויי. איך האָב אוועקגעלייגט צוויי פונט, ווי איך האָב באשלאָסען, און עס געדויערט נישט לאנג און דער פערדעל לויפט און געווינט. און איך נעהם אָפּ עלף פונט: מיינע צוויי און ניין פונט געוואונענע.

האָב איך געקויפט פאר אַ שילינג אַ קארטעל, וואָס מען טראָגט דאָרטען ארום, אויף וועלכען עס זיינען אויפגעשריבען די נעמען פון די פערדלעך, וואָס לויפען דעם טאָג. איך זוך אַ נאָמען, וועלכער זאָל מיר געפעלען. עס ארט מיך נישט ווער ער איז, וואָס ער האָט אויפגעטהון אין זיין לעבען, ווער זיינע עלטערען זיינען געווען, ווער זיינע רביים זיינען געווען און אויך אפילו נישט ווער זיינע בעלי־בתים זיינען; ווי עס פיהרען זיך די ריכטיגע „תלמידי חכמים פון הלכות פערדלעך.

הכלל, עס לויפט אַ פערדעל מיט'ן נאָמען „מערי בלאנש". דער נאָמען געפעלט מיר זעהר, ווייל „מעררי" איז דער טייטש אויף ענגליש „פרעהליך", הייסט עס איך וועל זיין פרעהליך און „בלאנש" האָט געהייסען אַ נאָרוועגישער שניצער, מיט וועמען איך האָב געאַרבייט וועלכער איז געווען אַ גרויסער קינסטלער.

אַזוינע צוויי דערהאבענע נעמען דארף מען „בעקען".

איך בין צוגעגאנגען צו אַ „בוק־מייקער" און פרעג איהם וויפיעל ער וועט מיר לייגען אויף מערי בלאנש. זאָגט ער:

— פערצען צו איינס.

האָבענדיג שוין ניין פונט געוואונענע און אזעלכע צוויי נעמען, האָב איך אוועקגעלייגט פיער פונט, נישט צוויי, ווי איך האָב באַשלאָסען. און איך בין צוריק צוגעגאנגען צום קאָמיטעט.

זיי פרעגען מיך וואָס איך האָב איצט „געבעקט", איך זאָג זיי. הויבען זיי אויף מיר אָן צו שרייען און געוואַלדעווען, אזוי איך וואָלט זיי, חלילה, צוקוי־לעט זייערע קאַפּאָטעס, און זאָגען, אַז אַ מענש ווייסט נישט, פאַראָס בין איך זיי נישט געקומען פרעגען. אז איך האָב שוין יאָ געוואונען אַ פּאָר פונט, זאָגען זיי, דארף איך שוין באלד אָבגעבען צוריק! און מאכען מיר אַ תל פון מיין פערדעל, אז נישט וואָס ער וועט נישט לויפען, ער וועט אפילו נישט אָנהויבען געהן.

זאָג איך: — וועט זיין לא פידלתי, האָב איך נישט געטאנצט מיט׳ן בער!

הכלל, מיין פערדעל לויפט און געווינט... און איך נעהם אָב ביים „בוק־מייקער" זעכציג פונט; מיינע פיער און זעקס און פופציג געוואונענע, אין פינף־פונטיגע באנקנאָטען. און איך קום נאָך מיט׳ן געלט אין האנט צום קאָמיטעט. טהוען זיי אַ זאָג:

— ווי געפעלט איך אזא געשיכטע! אַ מענש ווייסט נישט דעם אונטער־שייד פון אַ קאץ ביז אַ פערד און „בעקט" צוויי ווינערס, איינעם נאָכ׳ן אַנדערן!

דאָ האָב איך זיך געפיהלט באַליידיגט:

— וואָס הייסט איך ווייס נישט דעם אונטערשיד פון אַ קאץ ביז אַ פערד וואָס בין איך דען אַ בהמה צי אַ פּיפּערנאָטער, אז איך זאָל נישט וויסען דעם אונטערשיד פון אַ קאץ ביז אַ פערד!

און זעלבסטפאַרשטענדליך, אַז איינעם געהט גוט, ווערט ער שוין אַ גאנ־צער חכם, און איך טהו זיי אַ זאָג:

— מיינע ליעבע אידען, וואָס איך האָב פארגעסען פון פערד, וועט איהר עס אין אייער לעבען נישט וויסען.

און פון וואנען ווייס איך דאָס אזוי גוט וועגען פערד? אלץ אינגעל פלעג איך גאנץ אָפט קריגען מיט אַ בייטש, אָנהענגענדיג זיך אויף אַ וואָגען, און אַמאָל, געהענדיג ביינאכט פון חדר, פלעגט מיך אַ בעל־עגלה נעהמען אונ־טערפאָהרען. זאָל איך נישט וויסען וואָס פערד זיינען!...

הכלל, אזוי ווי יעדער איינציגער משוגענער קריגט אָנהענגער, האָבען זיי אָנגעהויבען גלויבען, אז איך ווייס; און בעטען מיך, אז איך זאָל מיט זיי מיטגעהן זעהן די פערד, ווען מ׳פיהרט זיי אַרויס וויזען דעם עולם איידער

זיי לויפען. עס ווערט מיר נישט גוט. איך בין אריינגעפאלען. מ׳טאָר קיין ליגנער נישט זיין! נאָר אַ ברירה האָב איך געהאט? איך בין געגאנגען.

איך האָב זיך איינגעקוקט, ווי אַ ריכטיגער מבין, און וויַז זיי אָן אויף אַ פערדעל. מיר אלע „בעקען" איהם, און ער לויפט און געווינט... אזוי האָב איך געטראָפען נאָך צוויי געיעגען. איך וואָלט דעם לעצטען אויך געטראָפען, ווען דער פערדעל קומט דער ערשטער...

הכלל, מיר האָבען אלע געוואונען אַ סך געלט, און איך — מעהר ווי זיי; און מיר פאָהרען אהיים לעבעדיג, פרעהליך; עס איז „ליהודים". זאָג איך:

— עס וואָלט געווען נישט מעהר ווי ראטזאם, אז אַ חלק פון דעם געוואונענעם געלט זאָל געהן פאר די תלמוד־תורה קינדער פאר זייער חנוכה סעודה, ווייל עס איז געווען אין זייער מזל. זיי האָבען אלע איינגעשטימט און עס האָט זיך אָנגעקליבען אַ גאנץ באדייטענדע סומע.

איך האָב אָבער געהאט אַ לאנגע צייט אויסצושטעהן פון דעם קאָמיטעט, ווייל זיי פלעגען קומען צו מיר, אז איך זאָל זיי זאָגען נבואות וועגען פערדעלעך. האָב איך זיי געזאָגט, אז פון אויסענווייניג קען איך נישט, איך מוז זעהן די פערד.

איז צו מיר געקומען דער גאנצער קאָמיטעט מיט׳ן גבאי בראש און מיך געוואָלט נעהמען צום פלאץ און באצאָהלען אלע מיינע הוצאות. נאָר איך בין נישט געפאָהרען, ווייל עס איז איינמאָל אַ חכמה, און איך האָב נישט געוואָלט פארלירען דעם נאָמען אלס „פערדישער נביא".

און אַזוי בין איך פארבליבען „דער פערדישער נביא".

חנוכה האָבען מיר געפראוועט אַ סעודה כיד המלך און דעם גענעראל האָבען מיר אַ נאָמען געגעבען יהודה מאקאביי און מיר האָבען זעהר פרעהליך פארבראכט און ווייטער זיך גוט אָנגעלאכט.

---

# צום תשליך...

יעדעס יאָהר אויף ראש־השנה פלעג איך און מיין פרוי פאָהרען אין באַרנמוטה, ווייל מען איז דאָך נישט מעהר ווי אַ זינדיגער מענש און דורכ׳ן יאָהר קלייבען זיך אָן גענוג עבירות און דער ים איז דאָרט גענוג גרויס זיי אַריינצונעהמען, אַז זיי זאָלען זיך אפילו נישט אָנזעהן.

און אזוי שטעהענדיג נעבען ים, נאטירליך אָנגעטהון אין מיינע יום־טוב׳דיגע קליידער, קוק איך זיך איין ווי מען באָדט זיך, און פערזאָנען, וועלכע די נאטור האָט באַשאָנקען מיט שעהנע פיגורען, געהן אָפט אַריין און אַרויס פון וואסער; און זאָלען די מענשען האָבען פארגעניגען פון זייער מתנה.

און איך בין זיי זעהר דאנקבאר דערפאר.

הלואי וואָלטען אלע מענשען באוויזען מיט וואָס די נאטור האָט זיי באַשאָנקען און באהאלטען מיט וואָס זי האָט זיי באַשטראָפט...

נאָר צום באדויערען טהון עס פיעל מענשען פונקט קאפויער. פיעלע לאָזען זיך קאָסטען געלד צו מאכען זיך מיאוס און פארשטערען דעם צווייטען זיין פארגעניגען.

איך האָב געזעהן מענשען מיט פליכעוואַטע, מיאוס׳ע קעפּ, פול מיט פלעקען און „באָילס״, געהן אָהן היטלען, מיידלעך מיט שעהנע פנימער, ווען זיי וואַשען זיי אויס, וואָלט געווען אַ פארגעניגען צו זעהן, פאר־שמירען זיי, אז עס כאפּט אָן אַן עקעל.

קורץ, איך האָב געקענט אויסרעכענען זעהר פיעל אַזוינע פאלען, נאָר אזוי שטעהענדיג נעבען ים און קוקענדיג ווי מען באָדט זיך, שטעהט נעבען מיר אן ענגלענדער, אן עלטערער מאן און קוקט אויך מיט זעהר פיעל אינטערעס. עס זעהט אויס, אז ער איז אן אינטעליגענטער מאן.

אין באַרנמוטה געפינען זיך זעהר גרויסע „ריטיירד״ פערזענליכקייטען. דער מאן, פון גרויס באצויבערונג און נישט קענענדיג מיך, רופט זיך אָן צו מיר און פרעגט ווי עס געפעלט מיר די פיגור.

עס איז טאקע געווען אַ וואונדערבארע פרויענצימער.

איך, זייענדיג געווען אַ גוטער שניצער, זאָג איהם:

— וואונדערבאר! — און מיר פארפיהרען אַ געשפּרעך וועגען קונסט און מיר געבען אונזערע מבינות וועגען דער פיגור. די ווייכקייט פון די ליי־ניעס, די פּראָפּאָרציע פון די אברים און אזוי ווייטער. און איך בין זעהר צו־פרידען וואָס איך קען נעהמען אַן אנטייל אין דעם געשפּרעך.

מיר הויבען אָן רעדען פון קונסט און קינסטלער. מיר דערמאָהנען רעמ־בראנדט, מייקעל אנדזשעלאָ, גרינלי גיבאָנס, אנטאקאלסקי און נאָך פארשיי־דענע גרויסע מייסטער.

רופט זיך אָב צו מיר דער ענגלענדער, אַז ער האָט צוויי גרויסע שטיקער מארבעל, פון וואָס ער וואָלט געוואָלט מאכען איין ביוסט פון זיך און אויך פון זיין פרוי.

נאָטירליך ראט איך איהם דעם סקולפּטאָר עפּשטיין, וועלכער איז היינט צפּ טאָג איינער פון די בעסטע. זאָגט ער, אַז עפּשטיין איז מעהר פאראינ־טערעסירט אין פרימיטיווער קונסט.

איך ראט איהם ער זאָל זיך דורכשרייבען מיט איטאליען. זיי ספּעציאַלי־זירען אין סקולפּטור און זאָג איהם וואו ער זאָל זיך ווענדען וועגען דעם און געב איהם אָן אַ נאָמען פון אַ סקולפּטאָר, מאַרטינעלא פּאַלערמאָ.

דערווייל האָט מיך באמערקט מיין האָלץ־סוחר, אַ געוועזענער סטאָליער. ער איז געווען זעהר אַ פּראָסטער איד מיט אַ פּאָר גראָבע הענט און גרויסע שיך, וואָס ער טראָגט זיי שטענדיג און אלעמען רופט ער „דו“ און ווארט נישט ביז מען זאָל איהם באקענען. און צו זיינע אלע חסרונות רעדט ער נאָך אויך אַ זעהר שלעכטען ענגליש.

איך באמערק אז ער קומט מיר אנטקעגען. שלעכט! איך ווייס און פיהל, אז ע פּעס נישט אנגענעמעס וועט געשעהען. איך מאך זיך, אז איך זעה איהם נישט. ער אָבער האָט נישט געוואָלט וויסען. ר איז צוגעקומען, האָט מיר אריינגעשטעקט זיין האנט מיט אַ ברייטען „וואָס מאכסטו“ און דעם ענגלענ־דער אויך, מיט אַ „וואָס מאכט איהר?“ — נאטירליך אויף אידיש... דער ענגלענדער האָט נאטירליך נישט פארשטאנען, נאָר האָט איהם געגעבען די האנט ווי אַן איידעלמאַן, געבענדיג זיך אַביסעל אַ טרייסעל. און איך קלעהר, אז מיין האָלץ־סוחר האָט זיך אויך אויפגעפיהרט פיין. איך הער פון איהם דאָס ערשטע מאָל „איהר“.

און אזוי שטעהענדיג איז ארויס פון וואסער די זעלבע פרוי, וועלכע מיר האָבען באוואונדערט. דער ענגלענדער, פון גרויס באצויבערונג, זאָגט צו מיר, „היר שי איז אגעין“ (עס הייסט זי איז ווידער דאָ).

ערשט מיין האָלץ־סוחר, דער געוועזענער סטאָליער, האָט געגעבען אזא שפּיי מיט וויפיעל כח ער האָט נאָר געהאט און האָט אונז ביידען אָנגערופען, שוין אויף ענגליש, אז מיר זיינען אַ פּאָר אלטע ממזרים און מיר דארפען זיך שעהמען און נאָך אַזוינע ווערטער, וואָס לאָזען זיך נישט שרייבען; און אלץ אין ענגליש.

בקיצור אַ מעשה, דער ענגלענדער איז אנטלאָפען, אזוי ווי מען וואָלט איהם אויסגעשאָסען; אַרויפגעלאָפען אויפ׳ן פיער, האָט נאָך אַ דרעה געטהון זיין קאָפּ צו זעהן וואו די ווילדע חיות שטעהן. און איך בין געבליבען שטעהן אַזוי ווי.... מען זאָגט.... נאָר מעהר בין איך שוין אויף יענעם פלאַץ נישט געגאנגען, מורא געהאט צו טרעפען דעם ענגלענדער מיט׳ן סטאָליאר און בין אָבגעקומען פאר אלע מיינע זינד. איך בין געקומען צוריק נאָך לאָנדאָן אַ באפרייטער און פאָהר שוין נישט מעהר קיין באָרנמוטה צום תשליך ווייל איך האָב מורא איך זאָל נישט טרעפען דעם סטאָליער מיט׳ן ענגלענדער.



# לעבעדיגערהייט אין גן־עדן

א חנוכה פאַסירונג

אַלס חדר־אנגעל האָב איך זעהר ליעב געהאט גבורים, פונקט ווי פיעל אנדערע אינגלעך, און חנוכה איז געווען מיין באליעבסטער יום־טוב.

אינדרויסען איז קאלט, אומעטיג. אין שטוב איז ליכטיג, וואַרים, די מאמע באקט לאטקעס, פרעגעלט גענזען־שמאלץ אויף פסח. מיר קינדער קריגען אַ גריוועגע, אַ לאטקע. דער טאטע בענשט חנוכה־ליכטלעך, טיילט אויס חנוכה־געלט. מיר קליינוואַרג שפיעלען אין דריידלעך, די גרעסערע — אין קאָרטען; און דאָס בעסטע פון אלץ — מען פראוועט אַ סעודה מען דער־צעהלט מעשיות וועגען דער העלדישקייט פון אונזערע מכבים, ווי זיי האָבען איינגעשטעלט זייערע לעבענס אויף קידוש־השם פאר׳ן כבוד פון פאָלק האָבען געקעמפט ווי לייבען און באַפרייט דאָס הייליגע לאנד און באַנייט דעם בית־המקדש.

מען זינגט הנרות הללו, מעוז צור, און עס איז „ליהודים״, און מ׳לאָזט זיך וואוילגעהן.

זינט דאַן איז דער יום־טוב מיר געוואָרען אַזוי צום האַרצען אַז ס׳איז זעהר זעלטען, אַז איך זאָל חנוכה פארפעלען צו מאכען אַ סעודה.

טרעפט, אז איך באקען זיך מיט אַ רומענער, אַ סטאָליער, וועלכער איז געווען אַ גרויסער מומחה אויף באקען פלייש מיט קנאָבעל און איינשטעלען קרויט אין פערטלעך, נישט אין לאָקשען, ווי אנדערע זיינען זיך נוהג.

איך, האלטענדיג שטארק פון מצוות סעודה, בין מיט איהם געוואָרען גוט באפריינדעט, און ער האָט מיך אויסגעלערענט „די תורה״, ווי צו באקען פלייש מיט קנאָבעל און איינשטעלען קרויט אין פערטלעך.

מיט דער הילף פון מיין פרוי האָבען מיר איינגעשטעלט אַ פעסעל קרויט, ווי דער רומענער סטאָליער האָט אונז געלערענט; און אויך האָט ער אונז געהייסען ארייננוארפען גרינע טאָמאַטאָס מיט טערקישען פעפער. און עס האָט זיך איינגעגעבען אַזוי גוט, אַזוי ווייענדיג, אַז אַ כפרה אלע ווייַנען.

פאר חנוכה האָב איך געלאָזט וויסען אלע מיינע חברים און גוטע פריינט, אז זיי זאָלען קומען אין דער באשטימטער צייט צו דער חנוכה־סעודה; און אויך זיי געלאָזט וויסען, אַז דעם חנוכה וועלען זיי האָבען אַזוינע מאכלים, וואָס זיי האָבען עס דאָך נישט געהאט ביי זייערע אבות־אבותינו!

ערב חנוכה האָב איך באשטעלט ביים קצב אַ באלעבאַטישע פּאָרציע פליישׁ, וואָס זאָל זיין גוט צום באקען, און איהם געבעטען, אז ער זאָל אזוי גוט זיין און דאָס צושניידען אויף חלקים מיט זיין שאַרפען מעסער.

לכבוד דער סעודה האָט מיין ווייב אָבגעבאַקען לאַטקעס פון רויע קאַר־טאָפּעל געפּרעגעלט אין געגזען־שמאלץ; אויף וואָס זי איז געווען אַ גרויסע בריה. כ׳האָב אָבגעבאקען דאָס פלייש אַזוי, ווי דער רומענער סטאָליער האָט מיך אויסגעלערענט; און די לאַטקעס מיט׳ן פלייש האָבען זיך זעהר גוט איינ־געגעבען, וואָס בעסער האָט נישט געקענט זיין.

הכלל, מיר האָבען צוגעגרייט אַ סעודה כיד המלך. עס האָט נישט געפעהלט קיין געזאלצענס אלס פאָרשפּייזע און אויך קיין געטראנקען. אלע מיינע חברים און גוטע פריינט זיינען געקומען אין צייט. מיר האָבען צוערשט געמאכט אַ אַ גוטען לחיים לכבוד דעם העלדישען יום־טוב און זיך געזעצט פראַווען די סעודה, די חברים און גוטע פריינט קענען זיך נישט גענוג אָב־לויבען פון די נייע מאכלים, וועלכע זיי האָבען נאָך קיינמאָל נישט געגעסען.

און בעת מיר פארברענגען ביים טיש, קומט אַריין דער שמש פון שוהל וועלכער איז געווען אַ פרומער איד מיט באָרד און לאנגע פיאות. ער איז גע־קומען וועגען חנוכה־געלט פאר זיך און פאר די תלמוד־תורה קינדער, אין וועלכע איך האָב גענומען אַ גרויסען אַנטייל.

מיר האָבען אַלע בייגעשטייערט און איך האָב איהם אָנגעגאָסען אַ גלאָז בראָנפען, אויף וועלכער ער האָט געמאכט אַ הויכען „שהכול״ און אַ נאָך הע־כערען „לחיים״. און איך האָב איהם פארבעטען צום טיש.

מיין פרוי האָט איהם דערלאנגט אַ חלק פלייש; די איבעריגע מאכלים זיינען געשטאנען אויפ׳ן טיש. ער האָט זיך געוואַשען, געזאָגט אַ הויכען שאו ידיכם און גאָר אַ הויכער המוציא און פארזוכענדיג די פלייש זאָגט ער:

— אוי, אוי, רבותי, אויב דער שור־הבר איז אזוי באַ׳טעמ׳ט, זיינען אונ־זערע חכמים קיין נאַראָנעם נישט געווען!...

נאכהער, פארזוכענדיג פונ׳ם צווייטען מאכל, פונם קרויט, פארגעהט ער זיך אין התלהבות און זאָגט:

— רבותי, אויב דער יין המשומר איז אזוי וויינענדיג, בין איך לעבעדי־גערהייט אין גן־עדן! — און עסט און טרינקט, און האלט אין איין זאָגען „איי־איי״, פאַרגעהענדיג זיך פון תענוג.

אָבער אזוי ווי פיעל צייט האָט ער נישט געהאט, ווייל ער האָט נאָך גע־דארפט געהן אויף אנדערע פלעצער זאמלען חנוכה־געלט, האָט ער אָבגע־בענשט. פאר׳ן אוועקגעהן טהוט ער מיך אַ פרעג:

— איהר זאָלט מיר געזונט זיין, ווי אזוי מאכט איהר דאָס פליי״ש, יואָס האָט טעם גן־עדן?

איך זאָג איהם:

—איך נעהם קנאָבעל, זאלץ און פעפער, אביסעל אינגבער, און צורייב עס זעהר גוט און באשמיר מיט דעם דאָזיגען פלייש און לייג עס צוזאמען. ווען די פייער־פלאַמען געהן אַוועק, באַק איך עס.

טהוט ער מיך אַ פרעג:

— און זאלצען און ווייקען?

איז אײדער איך האָב איהם נאָך געקענט דערקלעהרען, אז פלייש, וואָס מען באקט אויפ׳ן פייער, דארף מען נישט זאלצען און ווייקען, איז ער געװאָרען ווייס ווי קאלך, און איז נעלם געוואָרען.

מיך האָט עס פארדראָסען. מיינע חברים און גוטע פריינט האָבען דערפון געמאכט אַ שפּאַס, און מען האָט זיך געזעצט מאכען אַ קערטעל, ווי דער מנהג איז לכבוד חנוכה.

אין אַ שעה אַרום קומט ער צולויפען, נישט טויט נישט לעבעדיג, און טהוט מיך אַ פרעג, וואו איך קויף דאָס פלייש. זאָג איך:

— וואָס איז שייך, ביי הערריס דעם קצב, ביי וועמען איהר קויפט.

זאָגט ער מיר, אז ער קומט איצט פון רבי׳ן, שיער נישט דערהרג׳עט געוואָרען לויפענדיג; געמיינט, רחמנא לצלן, אז ער האָט געגעסען פלייש, וואָס איז געוועזען נישט געגוג כשר... נאָר דער רבי, זאָל געזונט זיין, האָט געזאָגט, אז פלייש וואָס מען באקט אויפ׳ן פייער, דארף מען נישט זאלצען און ווייקען. און ער בעט מיך, אז איך זאָל איהם מוחל זיין פאר׳ן חשד.

— פעטער, — זאָג איך, — דאָס האָב איך דאָך אייך געוואָלט דערקלעהרען, אָבער איהר זיינט אנטלאָפען.

— איהר ווייסט דאָך היינטיגע צייטען. געמיינט, אז איהר ווילט מיר זאָגען אַ תירוץ צוליעב דרך־שלום...

פון דעמאָלט אָן, ווען ער דערזעהט מיך, פרעגט ער ווען וועט ער זוכה זיין צו זיין נאָך אַמאָל לעבעדיגערהייט אין גן־עדן.

— אם ירצה השם, חנוכה — ענטפער איך איהם. — און אויב איהר וועט אָנקלייבען געגוג חנוכה־געלט, וועט מען אייך אויך אריינגעהמען אין קאָן צו מאכען אַ קערטעל און איהר וועט שוין נישט דארפען לויפען צום רבי׳ן...

געשריבן אין דער ערשטער וועלט מלחמה און פּובליצירט
אין אמעריקאנער וואָכן בלאט אין 1935 און אַרויסגענומען
נאָר שטיקלעך

# ווען שלום וועט הערשן

(אַ פאַנטאַזיע פון מאַרק קאָהען)

אין פארלויף פון יאָהרען האָב איך זיך דערטראכט צו געוויסע זאכען. ביי מיר האָט זיך אויסגעארבייט אן אייגענע וועלט־אנשויאונג. איך האָב זיך אָנגעשטרענגט איבערצוגעבען עס אין שריפט. גוט צי שלעכט — אָט האָט איהר עס פאר זיך, לייענער.

א.

בעת דער גרויסער וועלט־מלחמה האָט געברענט און געפלאקערט פון אלע זייטען האָב איך געזוכט צו דערגרונטעווען זיך צו די הויפּט אורזאכען איהרע. מיין מיינונג וועגען מלחמות בכלל איז: „אין דער פארגאנגענהייט איז מלחמה געווען אומפארמיידליך. אין דער צוקונפט וועט עס ווערען אונמעגליך”. איך וויל אז מען זאָל פארשטעהן, אז אין אונזער וועלטעל איז קיין חילוק נישט פאראן צווישען אן איינצעלנעם מענשען און דעם כלל. אַ קאמף געהט אָן צווישען מענש און מענש און פאָלק און פאָלק. יעדער איינער האָט די שווערע אויפגאבע צו באזאָרגען זיין עקזיסטענץ. דערגרייכט זיך איין מענש אַ פּאָזיציע אין לעבען, מוז זיך געפינען אַ צווייטער, וואָס וויל דאָס פון איהם אַוועקנעהמען. קומט צו אזא צוזאמענשטויס, אז פונקען נעמען שפּריצען. אַ שוואַכער גיט אוועק זיין דערגרייכטע פּאָזיציע אָהן אַ ווידערשטאנד. אויפ׳ן דיפּלאָמאַטישען לשון הייסט עס, אויב אַ מענש קריכט דעם אנדערען אין שיסעל און מען נעהמט זיך רייסען פאר׳ן לעפעל — פיהרען זיי אַ קריעג.

מלחמות צווישען פעלקער איז דאָס זעלביגע וואָס מלחמות צווישען איינציגע: ס׳בייטען זיך נאָר די מאסשטאבען. די פילאָזאָפיע ווערט אַ מעהר דערהויבענע. די ציעלען ווערען דורכ׳ן רודערען פון קאנאָנען פארגרעסערט. און אזוי האָט דאָס אלץ פּאסירט אין דעם גרויסען וועלט קריעג.

ענגלאנד, וועלכע האָט זיך דערהויבען איבער אלע אייראָפּייאישע לענדער איז געוואָרען די גרעסטע אינדוסטריעלע מאכט. אלץ האָט זיך קאָנצענטרירט ארום איהר. און אזוי איז אנטשטאנען דער וועלט קריעג. געהייסען האָט עס, אז עס שלאָגען זיך די פאראייניגטע מיט די צענטראלע מעכטע. אלץ אָבער האָט זיך קאָנצענטרירט ארום ענגלאנד, וועלכע האָט זיך דערהויבען איבער אלע אייראָפּייאישע לענדער. זי איז געוואָרען די גרעסטע אינדוסטריעלע מאכט. מיט איהרע גלענצענדע פּראָדוקטען האָט זי דערוואָרבען אלע וועלט־מערק. דייטשלאנד האָט זיך גענומען יאָגען נאָך איהר. דער דייטשער רייך האָט גענומען פּראָדוצירען ארטיקלען עהנליך צו די בריטישע. צוערשט האָט ענג־לאנד גענומען אויסנוצען די דייטשע פעהיגקייטען אויף אַ גוטמוטיגען אופן. דייטשלאנד האָט פארקויפט איהרע ארטיקלען פאר אַ ביליגערען פּרייז. ענגלאנד האָט עס אָבגעקויפט און געפיהרט פארקויפען אויף די וועלט־מערק. ענגלאנד, שוין האָבענדיג איהר גוטען נאָמען פון פריהער, האָט פון די דייטש־פאבריצירטע סחורות געמאכט גוטע געשעפטען. ענגלאנד פלעגט קומען מיט די אייגענע שיפען קיין דייטשלאנד, פארנעמען די דייטשע סחורות און רע־כענען דעם דייטשען פאבריקאנט פינף שילינג פאר אַ טאָן. נאָכדעם פלעגט זי די דייטשע סחורות אָבפיהרען אין איהרע וועלט־מערק און זיי אויסבייטען אויף רויע מאטעריאלען. ענגלאנד איז געוואקסען אין איינפלוס און עשירות. אַלע וואַעסרען האָט זי גענומען באהערשען.

מיטאַמאָל האָט זיך דערהערט: „דייטשלאנד בויט קריגס־שיפען!" האָט ענגלאנד אנטשלאָסען דערקלעהרט: „צו יעדער דייטשער שיף בוי איך צוויי!" דאָס איז נאָך ניט אלץ. פראנקרייך האָט געקראָגען די פארשפּרעכונג, אז מען וועט איהר צוריקגעבען עלזאס און לאָריין פאר דעם וואָס זי וועט העלפען ברעכען דייטשלאנד. אויף דעם האָט פראנקרייך שוין לאנג געוואָרט. צו רוס־לאנד האָט מען פארשפּראָכען די דארדאנאלען און איהר האָט זיך עס היבש שטארק געגלוסט. נאָך פון פעטער דעם גרויסען איז געבליבען אַ צוואה, אז רוסלאנד מוז באזיצען די דארדאנעלען. — און דער אומהייליגער „בונד" איז פארטיג געוואָרען. האָט מען דערנאָך אָנגעהויבען זוכען פּריטשעפּקעס צו אָנפאנגען די מלחמה. איז געקומען דער אינצידענט מיט סערביע און — די מלחמה האָט זיך צופלאַקערט.

ב.

קליין און אומבאדייטענדיג איז דער מענש געווען בעת ער האָט די אויגען געעפענט און אָנגעקוקט די ליכטיגע וועלט. אַ בשר ודם, וועמענס קערפּער איז אונטערוואָרפען אלע געפאהרען, און — געוואָרען איז ער דער הערשער איבער דעם גאנצען וועלט־קוגעל.

ניט מיט כוח האָט עס דער מענש דערגרייכט, נאָר דורך פארשטאנד. דעם פארשטאנד אונזערען קען מען ניט אנאליזירען. מיר ווייסען אלע כעמי־

שע עלעמענטען פון וועלכע עס באשטעהט אונזער קערפער — אָבער פאר־שטאנד לאָזט זיך מיט קיין כעמיע ניט דערקלעהרען. אָבער, דאָס ווייסען מיר, אז ניטאָ קיין זאך, וואָס זאָל ניט האָבען זיין סיבה. און אז מיר פארמאָגען פארשטאנד, איז במילא דאָ ערגעץ־וואו אַ סיבה פאר איהם אין וועלט־רוים.

אונזערע נביאים האָבען וויזואַליזירט אַ משיח׳ן. און מיט זיין אָנקום וועט די וועלט באהערשט ווערען פון אייביגען פרידען. אין אונזערער אַ תפילה זאָגען מיר: „עושה שלום במרומיו הוא יעשה שלום עלינו ועל כל ישראל״. וועל איך עס איבערלייגען אזוי, אז „ממרומיו הוא יעשה שלום עלינו״, פון די הויכקייטען וועט שלום קומען אויף אונז.

די הויכקייטען — דאָס איז די לופט־קראפט. ווען לופט־קראפט וועט זיך ענטוויקלען צו אַ הויכער שטופע, וועט מלחמה ווערען אונמעגליך. ניט די תורות פון מאָראַל וועלען אָבשטעלען מלחמה — נאָר די שרעק פאר מלחמה. און מיט דער אנטוויקלונג פון דער לופט־קראפט וועט מלחמה ווערען אַזאַ שוידערליכע זאך, אז מענשען וועלען פאר איהר מורא האָבען און זיי וועלען זיך פון איהר אָבזאָגען.

אָט אַזוי, מיינע פריינט, וועט שלום קומען „ממרומיו״, פון די הויכע הימלען. די מלחמה וועט פון זיך אַליין אויפגעגעסען ווערען.

ג

און ווי נאָר מלחמה וועט אויפהערען, וועט די מאכט פון פינסטערניש אויך אויפהערען אויף דער וועלט. די גוטע באגערען פון מענשען וועלען איהם באַפרייען פון אַלדאָס־בייז. דער מענשליכער גייסט וועט זיך באַנייען אין גוטסקייט און אין יושר.

געוויס איז עס אַ לאַנגזאַמער פראָצעס. איבערנאכט וועלען פעלקער זיך ניט פארוואנדלען אין לעמעלעך. אויך וועלען קיין סכסוכים אויף דער וועלט נישט אויפהערען. אָבער סכסוכים וועלען אויפהערען געלייזט ווערען דורך מלחמה, נאָר דורך געריכט — אַ וועלט געריכט וועט איינגעשטעלט ווערען.

ד.

אָבער ביז ס׳וועט קומען דערצו וועט הערשען כאַאָס און אָנהויבען וועלען זיך די משיח טעג אויף אַזאַ אופן: דער גרויסער פאבריקאנט, דער אָרגאַני־זירער פון דער גרויס־פּראָדוקציע, וועט אַקומילירען אָהן אַ שיעור פּראָדוקטען און עס ניט קענען פארקויפען, ווייל עס וועט פשוט ניט זיין ווער עס זאָל קוי־פען. דאָס פאָלק וועט ארומגעהן אָהן ארבייט. וועט דער צושטאנד אזוי לאַנג דויערען, ביז דער פאַבריקאַנט וועט שלום מאַכען מיט׳ן אַרבייטער. עס הייסט אַז דער לייב מיט׳ן שעפעלע וועלען זיך פיטערען צוזאַמען.

מיר וועלען האָבען פיהרער אויסדערוויילטע פון די מאסען. די פיהרער וועלען זיין בארעכטיגט צו זייער אמט. אנדערש וועט מען זיי ניט דערוויילען.

יעדער פיהרער וועט אכטונג געבען, אז זיין געגענט, פון וועמען ער איז אויס־געקליבען געוואָרען צו פיהרען, זאָל זיין באַקוועם און איהם זאָל קיין זאך ניט פעהלען. דעמאָלט וועט מען ניט שאפען קיין אוצרות פאר׳ן מארק, פאר פראָ־פיטען, נאָר פאַר׳ן נוצען פון דער אייגענער באפעלקערונג. יעדער פיהרער וועט האָבען די אמביציע זיך אויסצוצייכענען אין די אויגען פון דעם אנדערען. דאָס געפיהל פון וועלען אויסצייכענען זיך וועט דעמאָלט שטארקער זיין ווי ער איז איצט. און די אויסבעסערונג אין דער מענשליכער געזעלשאפט וועט זיך אלץ פארמעהרען ביז אונזער ערד־קוגעל וועט פארוואנדעלט ווערען אין אַ גן־עדן.

זאָל קיינער זיך ניט איינרעדען, אַז דאָס לעבען וועט דאן ווערען לאַנג־וויילינ און אז עס וועט דאן ניט זיין פאַרוואָס צו קעמפען. איך גלויב, אַז פארקעהרט, אין די דאָזיגע משיח־צייטען וועט דאָס לעבען ווערען זעהר אויפ־רעגענדיג. ביי יעדען קינד וועלען זיך ענטוויקלען זיינע אַמביציעס צום העכ־סטען גראד. יעדעס קינד וועט דערצויגען ווערען לויט זיינע פעהיגקייטען און יעדער איינער וועט פון זיך אַרויסגעבען דאָס בעסטע וואָס ער קען. וועט די וועלט טאקע פארמאָגען פון אלעם גוטס און יעדער מענש וועט דערפון גע־ניסען. יעדער וועט ארבייטען אויפ׳ן פאך פון זיין בארוף און ער וועט מיט דעם באַרייכערען די וועלט און די וועלט וועט ווערען רייך.

ה.

וועלטגעדאנק בויט וועלטען, מיר מיט אונזער באגרעניצטען פארשטאנד דארפען בויען דאָס בעסטע אויף אונזער וועלט.

איך האָט זיך געוויס געשטעלט די פראגע: וואוהין פארטראָגט זיך די פליג ווינטער־צייט? דער ענטפער איז: זי געהט צוריק צום אָרט פון וואַנען זי איז געקומען. דער עצם פליג איז שטענדיג פאראן אין דער לופט. נאָר זי איז אַזוי קליין, אז די אויג קען עס ניט זעהן. איהר וועט באמערקען, ווי ווינ־טערצייט ביי אַ לאָמפ וואַקסט אויס אַ פליג, ווי אַ בלום דורך דעם כח פון דער זון.

צו מאכען דאָס קורץ ווילען מיר זאָגען, אַז פון קלענסטען קערענדעל ביז דעם גרעסטען בוים, פון דעם קליינינקען מייזעלע ביז׳ן גרעסטען עלע־פאנט איז די אנטוויקלונג געקומען דורך עוואָלוציע. אַזוי איז געגאנגען פון קלענסטען פליגעלע ביז דעם גרעסטען אָדלער, פון דעם קליעשץ ביז דער זשאַבע, פון דער זשאבע ביז דער גאָרילא, פון דער גאָרילא ביז דעם קאַפיר, פון קאפיר ביז׳ן ברוינעם, פון ברוינעם ביז׳ן ווייסען מענשען. אויפ׳ן וועג האָט זיך דער מענש אנטוויקעלט. ביז וואַנען דער מענש האָט געקראָגען דעם שאַפענדען פארשטאנד, אַ טהייל פון דעם פארשטאנד, וואָס האָט די וועלט געשאפען. און מיט אָט דעם פארשטאנד וועט דער מענש דעם ווילדען ערד־קוגעל פארוואנדלען אין אַ גן־עדן.

# אַלטיטשקע מיליאַנסקעס

(אַ פּורים עפּיזאָד)

ווען כ׳בין אלט געוואָרען דרייצען יאָהר, האָב איך פּורים ניט געוואָלט געהן הערען לייענען די מגילה, דעם פּורים קולעטש מיט דער סעודה, און די המן־טאשען האָב איך יאָ געגליכען, און די פּורים־שפּיעלער האָט מיך אויך ניט געארט, ווייל איך האָב געגלויבט, אַז צוליעב דעם וואָס מיר מאכען אַ פּורים־שפּיעל פון אלע אונזערע המנ׳ס און צרות, דאָס העלפט אונז אריבערטראָגען דעם לאנגען גלות. און איך האָב קיין טעות נישט געהאט. נור די מגילה האָב איך בשום אופן ניט געוואָלט געהן הערען לייענענדיג. ווייל איך פלעג זיך פיהלען שטארק באליידיגט, מ׳דארף גאָר פאסטען אַ גאנצען טאָג און בעטען דעם רבונו של עולם אז אַ אידישע מיידעל זאָל נושא־חן זיין ביי דעם אַלטען שכור, וועלכער האָט זיך פערגונען אונטערגעשריבען אַז מען זאָל אויסהרג׳ענען אַלע אידען וואָס זיי האָבען נעבעך דעם דאַן איבערגעלעבט, און צוליעב דער מיידל זאָל געראַטעוועט ווערען דאָס אויסדערוויילטע פאָלק מכל העמים, און איך פלעג ווערען שטאַרק פאַרצווייפעלט, און וויפיל מיין פאָטער ע״ה פלעגט זיך ביי מיר בעטען, און פלעגט זאָגען אַז גאָט וועט מיר שטראָפען דערפאַר ווייל איך וויל נישט געהן הערען די מגילה, האָט עס אָבער נישט געהאָלפען. אָבער זיינע רייד זיינען טאַקע מקוים געוואָרען און גאָט האָט מיך געשטראָפט.

טרעפט זיך אַז מיין מוטער ע״ה האָט מיך געשיקט אַוועקטראָגען שלח־מנות, צו איהר ברודער, וועלכער האָט געוואוינט אויף יענער זייט שטאָדט וועלכע שטעהט אויף אַ באַרג. איך האָב זיך דאָרטען פארשפּיעלט מיט מיינע שוועסטער־קינדער ביז שפּעט אין דער נאכט, און ס׳איז מיר אויסגעקומען צו געהן אַהיים, שוין נאָהענט 12 אַזייגער.

קיין שרעקעדיגער בין איך קיינמאָל ניט געווען, ווייל כ׳בין אויסגעוואַקסען אין אַ קריסטליכען געגענד נישט ווייט פון בית־עולם. און איך פלעג קאָנען אַליין זיין אין וואַלד ב׳יז שפּעט אין דער נאכט, וואָס איז געווען נישט ווייט פון אונזער הויז, וואָס כ׳האָב זעהר געגליכען. און ווייטער שטאם איך אָהן עין־הרע פון אַ זעהר שטארקער פאמיליע וואָס מ׳קען פּשוט זאָגען גיבורים. מיין פאָטער ע״ה מיט זיין יונגערען ברודער און מיט מיין עלטערען ברודער האָבען ביי אונז אין שטאָדט צושלאָגען צוויי פּאָגראָמען אַז זיי האָבען שוין פארזאָרגט אַ דריטען וועלכע עס האָבען נאָך כח געהאט. אין דער צייט ווען די איבעריגע אידען האָבען זיך באהאלטען אויף די בוידעמס און אונטער די בעטען.

און אַזוי געהענדיג אַהיים פון פעטער בין איך דורכגעגאַנגען דעם אַלטען בית־עולם, דעם משוגעים־הויז, דעם שפּיטאָל, דעם הקדש, די קאַלטע־שוהל, וואָס מ׳האָט געזאָגט אַז ביינאַכט דאַווענען דאָרט מתים, וואָס האָבען וויינ־יג געדאַווענט ווען זיי האָבען געלעבט. כ׳נעהם אַראָבגעהן די באַרג, אַהיים־צו, ערשט איך זעה ביים זייט פון וואַנט אויפ׳ן שניי זיצט אַ פרוי איינגעוויקעלט אין אַ גרויסער פאַרטשיילע פאַר וועלכער איך האָב זיך זעהר שטאַרק דער־שראָקען. ווייל צו יענער צייט איז ביי אונז אין שטאָדט געשטאָרבען אַ פרעה־ליכע ווייבעל אויף וועלכער מען האָט אונטערגערעדט, האָט מען געזאָגט אַז די ערד האַלט זי ניט, און ביינאַכט געהט זי אַרום און אַז זי דערזעהט אַ מאַנס־ביל שלעפּט זי איהם אין קבר אַריין. איך בין געבליבען שטעהן אין זעהר אַ פאַרצווייפעלטער לאַגע, און ניט געוואוסט וואָס צו טהאָן, ווייל פאַר טויטע האָב איך יאָ מורא געהאַט. זאָל איך געהן צוריק צום פעטער? פון וואַנען איך בין געקומען? וואָס ברויכט געדויערען נאָהענט אַ שטונדע גאַנג. און דאָרט וואַלטען זיי שוין לאַנג געשלאָפען. און דאָ איך געה נאָר אַראָב דעם באַרג בין איך שוין אין דער היים. הכלל איך האָב זיך איינגעשטעלט אויף קידוש־השם. לויפען האָב איך געקענט, און איבערהויפּט נאָך אַראָב דעם באַרג, כ׳האָב אָנגעהויבען זאָגען הויך שמע ישראל און בין אַראָבגעלאָפען דעם באַרג שיעור ניט געהרג׳עט געוואָרען לויפענדיג. ערשט איך הער מ׳רופט מיך ביים נאָ־מען, וואָס דאָס האָט מיך נאָך מעהר דערשראָקען. איך בין קוים דערלאָפען אַהיים, און בין אַריינגעפאַלען אין שטוב, און געבליבען ליגען אין חלשות, און מ׳האָט געמוזט רופען אַ דאָקטאָר. און ס׳האָט געדויערט אַ לאַנגע צייט ביז מ׳האָט מיך דערמונטערט. ווען איך בין געקומען צו זיך, האָב איך געזאָגט אַז איך האָב געזעהן אַלטיטשקע מיליאַנסקי׳ס און זי האָט מיך געוואָלט, נע־מען מיט זיך אין קבר אַריין. אויפמאָרגען גאַנץ פריה איז מען געווען אויף איהר קבר, געזאָגט תהלים און מחילה געבעטען.

קומענדג צוריק פון בית־עולם, טרעפט מיין פאָטער אין שטוב, אַברעמעל דעם בלעכער׳ס ווייב, וועלכע איז געקומען בעטען דעם טאַטען ער זאָל איהר מוחל זיין פאַרוואָס זי האָט נעכטען ביינאַכט שטאַרק איבערגעשראָקען זיין זוהן.

אַזוי ווי זי האָט צוגעמאַכט דעם קוימען פון אויוען צו פריה און זי האָט זיך שטאַרק פאַרטשאַדעט דעם קאָפּ און די איינציגע סגולה פאַר דעם איז געווען אין יענער צייט צו זעצען זיך איהר זאָלט מיר מוחל זיין מיט׳ן הוילען... אויפ׳ן שניי.

מיין פאָטער האָט איהר געהייסען געהן אַהיים. און מיר האָט ער געזאָגט אַז דאָס האָט מיר גאָט געשטראָפט פאַרוואָס איך געה ניט הערען לייענען די מגילה, נאָר איך בין פון דעם שרעק געלעגען אַ וואָך גוט קראַנק און דעם בלעכער׳ס ווייב האָט מען אַ נאָמען געגעבען „אַלטיטשקע מילאַנסקעס״. וואָס שלעפּט מענער אין קבר אַריין. פון דאַן אָן, געה איך שוין יעדעס יאָהר הערען לייענען די מגילה.